מיין איינציקער שוועסטער,
וועלכע האָט אין די שווער־
סטע מינוטן איבער מיר
געוואַכט און געהיט, ווידמע
איך דאָס בוך מיט ליבע.

* * *

מיט א קורצער צייט צוריק איז'ס געווען, ווען דער פרישער, ניי־געבאקענער רעגירונג איז נישט אנדערש איינגעפאלן, נאר — מיך פאר איר פארטיידיקער מאכן. מיך אלס שוץ־מויער קעגן שונא ארויסצושטעלן. א גוואלטיקע אידייע! א מין מורא'דיקער אויפטו.... אין מיר האט זי מיט איין מאל א קוואל פון הילף פאר זיך אנטדעקט... און טאקע גלייך, באשלאסענערהייט, מיט עקשנות־דיקן ווילן און געהעריקער מאכט גענומען קאטעגאריש פאדערן מיין באלדיקע אפפערוויליקייט פאר זיך. דאס הייסט: מיין בלוט, מיין פלייש זאל איך איר אפגעבן, דער מלוכה מיינער, מיין נשמה, די יונגע. אלץ. פארוואס? ס'איז קיין פראגע נישט. מט א זעלכע קשיות צייכענען זיך אוים בלויז פאררעטער. די באלוינונג, אויב ס'איז דערלויבט צו פרעגן? — א, זייער א וואזשנע. אט איז'ס:

אין דער צייט, ווען איך וועל אפ'ן שלאכטפעלד ליגן, אין די סאמע ברענענדיקסטע מלחמה־מאמענטן, וואו מענטשלאכע ווילד־קייט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה און געזעצלאכע רעכטפערטי־קונג, ווען איבער מיין קאפ וועלן פייערדיקע קוגלען פארבייפליען און יעדע רגע מיר דעם טויט, אלס מתנה, שענקען קאנען, אדער מילדער: פאר אן אייביקער קאליקע מאכן, וואס איז, גלויב איך, פאר אט טאקע דעם אומברחמנותדיקן טויט־שרעק אליין; מיין מח וועט אין הונדערטער שטיקער צעשפאלטן ווערן נאר פון די קאנאנען־דונערן אליין; מיין אטעם וועט אפגעהאקט ווערן לויפנדיק מיט אלעמענס הסכמה, פיל ערגער ווי באלדיקער טויט; אין דער צייט, ווען דאס בלוט וועט אין מיינע אדערן פארקילט ווערן

פאַר, אדער נאָכ'ן „שונא" נאָך. — ערשט דאַמאָלס באַקום איך די אמת'ע באַלוינונג, די העכסטע באַפרידיקונג פאַר מיין קרבן:

אומאויפהערלאכע אנטיסעמיטישע אויסרופן, גראָבע, ציניש‏ע, פאַלן אַלץ אין דיין זייט אריין. פּאַרביסענע ציין קריצענישן פון די עלטערע און יונגע חברים-סאָלדאַטן. די סבה? כ'בין פון אַ אידי־שער אָפּשטאַמונג. וואָסזשע אַרט זיי? קעמף איך דאָך מיט גלייך מיט זיי צוזאַמען פאַר'ן פאַטערלאַנד. — „פּאַטערלאַנד"ס'אַרא ווייטיק. האָב איך דאָך, פּונקט ווי זיי, די זעלבע גלענצנדיקע געלעגנהייט מיין לעבן דערפאַר אָפּצוגעבן! דאָס אָבער רעכנט זיך־נישט. מ'דאַרף דאָך האָבן כאָטש עפּעס אין וואָס אַנצוכאַפּן זיך, כדי דעם חיה'שן אינסטינקט צו זעטיקן. דעם ליידנשאַפטלאָכן האָס צו לעשן, צו קילן, דעם בלינדן, פינסטערן, היסטאָרישן האַס, וואָס פלאַקערט אויף פון אונטערגעגאָסענעם אייל....

און דאָס שוין אַלץ?

פּונקט אין דער זעלבער צייט ווען מיר מיין דענערווירטער מח אינגאַנצן געלעכערט אָדער צעשפּאָלטן ווערן, מיין מאַרך ווען אינגאַנצן אויסגעטריקנט ווערן פון אַלערליי שרעקלאָכע, מורא'דיקע געדאַנקען: צי מאַכט דאָרט נישט מיינעם אַ שוצן־גרוב חבר'ס אַ ברודער, אַ קרוב, אָדער סתם אַ „בלוט־פריינט" אַ פּאָגראָם אַף מיין אָרעמער פאַרלאָזטער פאַמיליע? איז'ס דען נישט מער זיכער ווי אומזיכער? איז'ס דען אַזאַ אויסטערלישע דערשיינונג אינ'ם נייעם לאַנד?

אַ וואָסער גאַראַנטיע האָט מען מיר געגעבן, אַז אין דער צייט, ווען איך, דער יונגסטער זון און ברודער פון דער פאַמיליע, קעמף דאָ פאַר'ן ליבן פאַטערלאַנדס וועגן, פאַר די „הייליגע צילן", זאָלן יענע כאָטש, די אָרעמע, נאָענטסטע און טייערסטע, מיט די מ'שטיינס געזאָגטע לעבנס פאַרזיכערט זיין? ניין, זיי וועלן נישט פאַרזיכערט זיין! זיי זענען עס נישט געוועזן! גאַנצע שוואַרצע קוואַלן פּאַקטן זענען פאַראַן פון פּאָגראָמירטע עלטערן אין דער צייט, ווען זייערע קינדער זענען אין די שלאַכטפעלדער פאַר'ן פאַטערלאַנדס באַפרייאונג אומגעקומען... לעבעדיקערהייט אין די

אקאפעס פארשיט און באגראבן געווארן... יונגע, פרישע, אומשולדיקע, נישט־צייטיקע קערפערס זענען אברים־ווייז צעריסן געווארן... פאקטן פון געשענדעטע ווייבער און שוועסטער, ווען זייערע מענער און ברידער זענען אף די פאזיציעס אויף אייביק פארקריפלט געווארן... ס׳אן אמת! א ווייטיקדיקער, פול־וואונדיקער. ס׳אן אמת, וואס מ׳קאן אלע מאל ווארפן אין אומפארשעמטע פרצופים...

הייסט עס, אלזא, פארט גיין, וואס?

האט זיך עס א צייט פאר מיר אנגעהויבן. א צייט, וואס דורך איר האט זיך מיין פריע, יונגע דערפארונג מיט אזוי פיל מענטשלאכע גרויזאמקייט באקאנט געמאכט. א צייט פון וואנדערונגען, נאכיאגענישן, וויסטע פארפאלגונגען, טאמער ווייסט עמיצער פאר־וואס... פאליציי־צענויפטרעפעניש, הארץ־קלאפעניש, פיער־און־צוואנציק שעה אין מעת לעת אין חכמה׳דיקער אפנארעניש... א צייט פון קעלער־ליגעניש, בוידעם־אפריכטעניש און קאמער־באהעלטעניש צוזאמען מיט די שטשורעס און מייז... אין א מין קאשמאר האב איך געלעבט... אין גהינום׳דיקן מישמאש, וואס האט אף לאנג, לאנג שפורן אין מיין נשמה, אין מיין גאנצן באשאף איבער־געלאזט. וואונדיקע צייכנס, טיפע, טיפע מעסער־שניט...

# I

פאַרטאָג.

אייגנטלאַך, איז שוין גאָר נישט פרי — האַלב ניין אַ זייגער, נאָר ביי מיר בלויז, פאַרשטייט זיך. ליג איך מיר אַזוי אין אַ — מ׳קאָן עס אָנרופן — נישט־מיינער, נישט־דיינער קהל׳שער אינסטיטוציע און האָב הנאָה פון דער וועלטס גאַנג. איך געפין זיך דאָ, ערשטנס, דערפאַר, ווייל איך בין מיר די לעצטע צייטן אַ מענטש מיט אַ געפּסלטן פּאַספּאָרט און טאַקע דערפאַר שוין נישט געמאָלדן אין פּאָליציי־צירקל. איז, פאַרשטייט זיך, כמעט ווי פון זיך אַליין, שווער צו געפינען ערגעץ־וואו אַ בעלן מיך אין אַ כשר׳ער שטוב אריינצולאָזן. מילא, פון אַ טרפה׳נער — איז דאָך אָפּגערעדט־און צווייטנס, איז דאָ נאָך אַ שטיקל חשד פאַראַן, וועלכן מ׳קאָן אָנגעבן און מעגלאַך אַ באַגרינדעטן אויך: די דאָזיקע לאָזשי, קאָסט מיך אַ סך ביליקער, ווי וועלכע נישט איז אַנדערע אויף דעם פּלאַץ וואָלט באַדאַרפט קאָסטן. קליין געלט קאָסט זי מיך, די לאָזשי, די דאָזיקע, אַזוי צו זאָגן. ווייל אין דער אמת׳ן קאָסט זי מיך לחלוטין גאָרנישט. און דאָס, דאַרף מען למען השם נישט פאַרגעסן, איז פּונקט ווי אָפּגעמאָסטן פאַר מיינע געפּרווירענע, אייזקאַלטע קעשענעס, אין וועלכע אַ גאַנצע מחנה ווינטן, מיט עאָלאָסן בראש, האָבן זיך לעצטנס אריינגעכאַפּט און בלאָזן זיך אַרום...

איך באַוואוין מיר אַליין אַטאָ דעם גרויסן, פּוסטן פּאַרטייסאַלאָן, אין וועלכן אַ גאַנצע אַרמעי פּוילישע שטאַב־גענעראַלן וואָלטן געקאָנט אַריין מיט אַלע זייערע לייוועגטענע מאַפּעס און פּאַפּירענע פּלענער...

איך בין דאָ אַ שטיקל איינגנטימער. איך פאַרנעם די שטעלע אַלס סעקרעטאַר איבער עטלאַכע פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשעס, וואָס טראָגט מיר אַריין אַן אויסגעצייכנטע הכנסה פון היבשע הונגער־טעג און ראַזאָוואַנע ברויט מיט זויערע מילך. די לעצטע, פון די צוויי, זענען זיך אָבער שטאָלצערע און זעלטענערע געסט, כאָטש קיין עולה ווערט זיי בשום אופן נישט באַגאַנגען, אַ דאַנק דערביי מיין הערלאַכן אַפּעטיט זינט דער לעצטער צייט.

אַ רייכע ביבליאָטעק פאַרמאָג איך דאָ פון גאַנצע דריי אידישע זאַמלביכער: דער „שטראַל“, די „ראָמאַנען־צייטונג“ און אַ באַנד „ליטעראַרישע מאָנאַט־שריפטן“. עטלאַכע פּוילישע, רוסישע און דייטשע ביכער, וועלכע האָבן עקשנות׳דיק באַוויזן נישט צו לאָזן זיך איינקריצן אין מיין זכרון. אַ גאַנצער מאַגאַזין פון אַלטע צייטונגען, וואָס וואָלטן אַ זיבעציק־יאָריקער הערינג־קרעמערקע אַפּ׳ן גאַנצן לעבן צוניץ געקומען און אַף וועלכע מ׳האָט נאָך אויך מיט שרייענדיקע קעפּ־אותיות געקאָנט איבערליינען, אַז „אונזער העלדיש עסטרייכיש מיליטער (די צייטונג איז אַרויס אין דער צייט פון דער דייטש־עסטרייך־אונגאַרישער אָקופּאַציע אין פּוילן) האָט פאַרנומען צוויי איטאַליענישע פעסטונגען מיטאַמאָל, מיט הונדערטער, טויזנטער געפאַנגענע, אַמוניציע, עסנוואַרג און אַנדערע ווערט־חפצים אין ערך פון... א. א. וו.“ — אָטאָ די צייטונגען קומען מיר גאָר צוניץ באַנאַכט, וועלכע דינען מיר אַף צוקאָפּנס אַלס קישן מיט פּאַכיקע פעדערן.

דער שליסל פון דעם לאָקאַל געהערט צו מיר. אייגנטלאַך, איז דאָ גאָר קיין שליסל נישט פאַראַן. נישט מער: איך, מיט נאָך אייניקע גאָר נאָענטע פון מיינע באַקאַנטע ווייסן דעם סוד, אַז פון אַ גוטן שטויס מיט אַן אויסגעלענקטער האַנט, עפנט זי זיך גלייך אויף, די טיר.

ווייסע פיער־עקנדיקע ווענט. אַ רויטע פּאָדלאָגע מיט פּאָדביקע אויסגעריבנקייטן. אַ שטיינערנער אָפּגעקאַלעכטער באַלקן. אַ גרויסער האָלצערנער טיש, שוואַרץ אָפּגעפּאָלירט, מיט אַלערליי נאָדלקריצונגען און שפּילקעגראַווירונגען, איז שטענדיק אין סאַמע

צענטער פון שטוב געשטאַנען, וועלכן איך שלעפּ אין העלע לבנה־נעכט מיט גרויס מאַטערניש צום פענסטער צו, קעגן דער זילבער־נער אָפּשיין פּאָעזיע און לידער אַן גראַמען צו שאַפן.

צוויי לאַנגע האָלצערנע בענק. עטלעכע שטולן. אַז, און מיט אַנלענען. אַז, און מיט זיץ־ברעטלאַך. גרויסע פענסטער מיט ווייסער פאַרב געשמירט, מיט אָפּגעשיילטן קיט. איינס מיט געפּלאַצטע שויבן. אין אַ ווינקל, לעבן עקסטן פענסטער פון דער רעכטער זייט, איז די קאַנצעלאַריע געווען, וואו איך האָב געאַרבעט אויף אַ קליין טישעלע, אויף וועלכן ס'זענען פאַרשידענע פּאַפּירן אַנגעוואָרפן געווען. אַ קאַלענדאַר איז אויף דער וואַנט געהאַנגען און מיינע טעג, וואָכן, און חדשים געפּרעסן.

איך בין שוין וואָך פון אַ היבשע פּאָר מינוטן — און אין אַ געהויבענער שטימונג דערצו.

אַ קלייניקייט בלויז:

דורך אַן אומגעריכטן צופאַל האָב איך אַ גאַנץ רייכטום אַריינ־געקראָגן. אַ סך הכל פון אַ פּאָר מאהלאַך. בין איך אַלזאָ רייך. שוין לאַנג אַזאַ פאַרמעגן במעט פאַר מיינע אויגן נישט אַנגעזען. מיט דער הילף פון אַ בעסערער מעגלאַכקייט, וואָלט איך אפשר געקאָנט עטוואָס אויפטאָן. אָבער... מ'געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע. אין אַ פרעמדער שטאָט. אַן אַנטלאָפענער. אַ פאַרפאָלגטער אויף שריט און טריט. און ווי שווער ס'פאַלט נאָך, ווען מ'איז ערשט דאָס ערשטע מאָל פון דער היים... אַך, נו וועמען אַרט עס דען?

ליג איך מיר איצטער אַזוי צעלייגט אין אַ מין — ס'זאָל נאָר זיין געלונגען — עקס־קייזערלאַכער פויזע. גלייכערהייט, אויסגע־צויגן, אויף ווי ווייט דער קורצער טאַפּטשאַן מיט דער צעריסענער סאַראַטע, פון וואַנען ס'סטאַרטשען אַרויס די ספּרינזשיגע דראַטן, וואָס מאַכן מיר שוואַרצקיילעכדיקע צייכנס אָפּ'ן רוקן, — קאָן דערלויבן. צוויי שוואַרצע, ברודיקע פיס רייסן זיך איבער'ן טאַפּ־טשאַן אַריבער און די פינגער בלייבן האַלב שטיין, האַלב ליגן אין אַ צווייפלהאַפטיקער, רחמנותדיקער לאַגע.... איך ליג אַן אַ צודעק, נישט רעכענענדיק מיין קורצן אויסגעריבענעם פּאַלטאָן. אביסל

דערפאַר, ווייל איך, אלס קלוגער מענטש, מיט גוטע געוואוינהייטן, האַלט נישט אזוי שטאַרק פון קאַלדרעס,צודעקס. ס'מאַכט, מיין איך, פויל. און א סך אויך דערפאַר, ווייל כ'האָב פשוט נישט.

געדאַנקען, אָן א שיעור, אָן אָן ערך, בלאָנדזשען ארום בא מיר אין מח. איינע אַף די אַנדערע קריכן זיי. קלעטערן דאָרט. נאַרען זיך, ווי קליינע, נאַסע ווערימלאַך. און טאַטשען. און זויגן, זויגן. ס'ארע וויסטע, נודנע ברואים'לאַך, קריכנדיקע. צעטומלען מיך אזוי, צעשרויפן אזוי דעם מח־אָרגאַן — אַזש דער קאָפּ הויבט מיר אָן ווי צו טאָן.

שוין א סך מאָל די לעצטע צייטן האָב איך בא זיך כמעט פעסט באַשלאָסן די געדאַנקען פון זיך משלח צו זיין, פאַרטרייבן זיי, און פון גאָרנישט זאָל איך טראַכטן. ווייזט זיך אויס, אַז מיין באַשלוס געפעלט זיי גאָר נישט. גלידערן זיי. נאָך מיט מער עקשנות זיך אַנגעזעצט. גיבן קיין רו נישט. קלעבן זיך. בויערן. טשעפּען זיך צו מיר. די כאָלעריע וועט עס דאַכט זיך כאַפּן, יאָ.

מיינע אויגן קוקן אָפּ'ן באַלקן ארויף. קוקן אַף די שפּאַרעס פון די פאַרוויסטע ברעטער. זוכן מסתמא עפּעס. מי יודע וואָס. און די צווישן־שיידן. קוקן און זוכן. האַלטן אין איין זוכן. ווילן זיך קוויקן מיט עפּעס אָן אַנטדעקונג, אָן אויסטערלישער. באַוואונדערן. די אַרכיטעקטור פון דעם הויז. און אַנטציקן זיך דערביי, מיט דער דערפינדונג. און אין איין וועגס שוין אויך פון די געדאַנקען־ווערים פּטור ווערן אַף א ווײַלע — א פאַרזשאַווערטער טשוואָק, אין צווייען, האַלב־רונדיק געבויגן, אַף וועלכן ס'האָט אַ מאָל אַ לאָמפּ אַף מעשענע קייטן געהאָנגען, וואַרפט זיך מיר גלייך אין די ווייס־לען פון די אויגן אַריין. פּלוצים און ווי נישט צוגעגרייט דערצו קריג איך דעם אַנגריף. קוקט אַף מיר בייז, שאַרף, מיט א פאַר־שפּיצט־אייזערן אויג. און גאָר מיט א מאָל נעמט ער זיך דרייען פאַר מיר — כ'וואָלט שווערן מיט דער ספּעציעלער כונה מיינע קראַנקע, אַנגערירטע נערוון צו רייצן — און טאַנצן א מאָדנעם סאָרט קאַראַ־האָד...

ס׳הויבט מיר אָן שווינדלען פאַר ד׳אויגן. אַ שטיקל פּעלער פון דער לעצטער צייט. פון צופיל ליינען, באַרימטע לידער און אַ מאַסע פּראָזאַאישע ווערק אין דער סאַמע פינסטערניש פון מיין וואוינונג שרייבן, מחמת ס׳בלייבט אַמאָל נישט קיין געלט אַ ליכטל צו קויפן. און פון אַנדערע נאַכטלאַכע אָנשטרענגונגען.

איך קוק אַרוים דורכן פענסטער מיט געפּלאַצטע שויבן, וואָס געפינט זיך גראַד פונקט אַנטקעגן מיין געלעגער, ווי מיר די אויגן צו שטעכן מיט מיין באַלעבאַטישקייט, — איך זע דעם הויף מיט אָפּגעקרישלטע ווענט. ברוינע זאַמד־וואונדן — אָפּגעשיילטער קאַלך. אַנטקעגן איז אַ קאַמער פּאַראַן מיט אַן אייזערן שלעסל אויפגעהאַנגען. הינטן איז אַ שטיק טיר אויסגעהאַקט, פון וואַנען עופות שטעקן אַרוים די שמאָלע, האַרטע פּיסקעס. און — און מאַדנע: אַ וויסט אייגנשאַפט. איך דערקען דייטלאַך ווי אַן „ער״־עוף דערלאַנגט אַלע מאָל אַ פּיק דער „זי״־עוף. און פאַרוואָס? איך היץ זיך און קאָן זיך בעת מעשה קיין דין וחשבון נישט אָפּגעבן. למאי אַזאַ רשעות ? די זאַך טראָגט מיך אונטער. נאָר גלייך דער־מאָן איך מיך די נעכטיקע געשיכטע און ס׳בלייבט אויף מיינע ליפּן אַ נישט־דערפרעגטע פראַגע : זענען דען מענטשן בעסער, אויב נישט מיט פּראָצענטער ערגער ווי חיות און עופות ?

אַזאַ מעשה :

כ׳גיי מיר אַזוי נעכטן מיט מיינעם אַ נאָנטן פריינט, אַ געוויסן טאַנענשטיין, אין גאַס און מיר רעדען פון פאַרשידענע נארישקיי־טן, וואָס מיר, אַלס מענטשלאַכע שלאַפקייט, באַטראַכטן עס ציי־טנווייז פאַר גוואַלטיקע חכמות. מיין פריינט טאַנענשטיין איז אַ רעוואָלוציאָנער. דערצו זייער אַ הייסער. רעדט ער, מסתמא, פון סאָ־ציאַלער רעוואָלוציע, וואָס שטייט שוין, לויט זיין אייגענעם מיינונג, הינטער די טירן פון דער וועלט. נאָר וואָס ? ס׳פעלט אַ קליי־קייט בלויז : מ׳דאַרף די שווערע טירן קאָנען פאַנאַנדערעפענען. די דיקע אייזערנע פרעגנטן אַרונטער רייסן... איך, בשעת מעשה, גיי מיר אַזוי פאַרטראַכט. טראָג מיר אונטער דעם קאָפּ אָף די אַקסלען און — כלומרשט איך הער אים. דערווייל ביז איך גאָר

פאַרטראַגן אין אַן אַנדערן ענין : כ'ווייס נישט, כ'גיב זיך, דאַכט זיך, די גרעסטע מי צו דערגיין וויפיל שטיינער, למשל, עס נעמט אריין מיינער אַ טראַט — דאָך געלונגט עס מיר נישט אַלע מאָל. און אַ גרויסע שולד פאַלט אַף מיין פריינטס קאָפּ, דעם בעל דבר אליין. ווייל איך מוז אים אַמאָל, געצוואונגענערהייט כמעט, ענט־פערן אַף אַ פראַגע וואָס כ'האָב גאָר נישט דערהערט.. אַזאַ טבע האָט ער שוין : ריידעוודיק, ווי אַ מיל. און צווינגט נאָך יענעם מיט אים מיטצוהאַלטן, אין דער צייט, ווען דער צווייטער האָט גאָר וויכטיקערס אין זין.

ארום אונז איז די געלט־בירזשע, וואו אידן שטייען און האַנדלען אַף פאַרשידענע וואַליוטעס. אַ פּרנסה. אַ פרוכטבאַרע צווייג פון מלחמה־גאָרטן ארויסגעוואַקסן. שטייען זיי און שאַכערן, אַמפּערן זיך, מסחר'ן. זוכן אַפּצונאַרן איינער דעם צווייטן. מיט אַנטצי־קנדיקע בערד־אומאַרמונגען. מילא, אַ געוויסן זכות קאָן מען זיי געבן. די נייע רעגירונג גיט נישט אַלע באַקוועמע מעגלאַכקייטן צו קאָנען מאַכן אַ לעבן. ארום זענען נאָך אידן פאַראַן, קינדער. מיט־אַמאָל — אַ געשריי. „געוואַלט“! העי, ס'אַ געוואַלט. וואָס איז ? שוין. מ'ווייסט שוין. פאַרענטפערט געוואָרן :

„מ'שלאָגט“.

ווער ? וועמען ? פאַרוואָס ?

די זאַך איז כמעט דורכאויס פאַרשטענדלאַך : אַ שאַלאַן רעגי־רונג־מיליטער איז פאַרבייגעגאַנגען פון מיטאָג, מיט אַ באַפרידיקטן אַפּעטיט און לוסט צו באַלעווען זיך. נו, מ'ווייסט דאָך : אַז אכילה איז באַפרידיקט, קאָכט־אויף די יוכע. איז נישט לאַנג געטראַכט נאָר אַלע ווי אַפּגערעדט, — באַפאַלן און געשלאָגן. אָבער פאַרט פאַר־וואָס ? מ'קאָן עס דען אַזוי לייכט אויפנעמען ? וואָס הייסט עפּעס „צופאַלן צו אַ מענטשן, וואָס האָט דיר קיין שלעכטס נישט געטאָן און כאַפּן זיך שלאָגן“... וואָס הייסט עפּעס, „אַז אַ יונגער שגץ, אַ פאַרסמאַרקעמטער שנעק, זאָל וואָגן צו הויבן אַ האַנט און טאַקע זי אַראָפּלאָזן אַף אַן אַלטן זעכציק־זיבעציק יאָריקן גרייז“... וואָס הייסט עפּעס, „אַז אַ ווילדער דאָרפישער פּאַסטוך, אַ בהמה־יונג, זאָל

זיינע פאַרבראָדיקטע פינגער אין א לאַנגער ווייסער באָרד איינ־פלעכטן און איינציקווייז די האָר רייסן"... וואָס הייסט עפּעס, „אַז א פּאַסקודנער שכור'ער וואַויטעק זאָל מיט זיין פאַרשטונקענעם לייבעץ אין א פּאָר ריינע פּרויען־אויגן אַנבראַקען"... וואָס הייסט דאָס אַלץ? קאָן זיך דאָס א זייטיקער מענטש, וואָס האָט נישט די געלעגנהייט געהאַט צוצוזען דאָס, גלויבן? מען פרעגט דאָך אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס. די קשיה עקזיסטירט שוין לאַנג נישט אין'ם נייעם הפקר־לאַנד. און מורא? האָ, מורא. ווער פאַר וועמען? ווער וועט וואָגן אין אַזא הייליקער שעה צו זאַטשעפּען זיך מיט די העלדישע זין, וועלכע גייען זייער בלוט פאַרגיסן פאַר פרייהייט און יושר? און איבער אַזא קלייניקייט נאָך ווי „שלאָגן אידן". הייסט, ווער זענען דען אין דער אמתן די, פאַר וועלכע מ'קאָן כאַטש וויר־קלאַך א קליין ביסעלע מורא און דרך־ארץ האָבן? אָט־דאָ ליגט דאָך טאַקע דער הונט באַגראָבן...

---

מיט א שווערן קרעכץ גיט זיך ראַפּטים די טיר א פראַל אויף און מיין, דער סאַמע נאָענטסטער, פריינט, וועלכער האָט אין דער קורצער צייט, זינט איך בין אין שטעטל, באַוויזן צו מיר זיך צוצו־קלעבן, גיט א טאַנץ אריין, ממש געטאַנצט, פאַרענדיקנדיק עפּעס א פּאָפּולער לידל, וואָס ער האָט נאָך ערגעץ־וואו אָנגעפאַנגען.

— סערוואוס! * שלאָפסט נאָך? פסס.. פאַרגינט זיך אַביסל. דעם איינפאַל: ליגן און צעקוועטשן די ציימונגען. אין קאַוואַלסקי'ס נאָמען, מענטש איינער, — וואָד־אויף! ווייסט בעסער וואָס — זעצט ער זיך לעבן מיר אָפּ'ן בעטל, מעשה היימישקייט, און רעדט דערווייל זיינס — כ'בין דאָך עקסטרע געקומען דיר זאָגן: זי איז דאָך געקומען די נאַכט!

— ווער?

אהאַ, איך האָב שוין גאָר געוואוסט וועמען ער מיינט. צו וואָס־

---

* אַ אונגאַריש באַגריסונג־וואָרט. — א ירושה פון דער צייט פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אָקופּאַציע בא אונז, אין פּוילן.

זשע דאָס פאַרשטעלן זיך ? כ׳ווייס טאַקע נישט. אָבער אינווייניק האָט עס בא מיר אַ פריידיקן ציטער ארויסגערופן. אַ ציטער פון אַן אומבאַגרייפלאַך געפיל פון תעניג און דערוואַרטונג. . .

סך הכל האָב איך זי — וועלכע האָט כלומרשט די פרייד בא מיר געזאָלט ארויסרופן — קיין איינציק מאָל נישט געזען נאָך. בלויז געהערט האָב איך פון איר. אַ סך געהערט. שוין צופיל, זאָל מיר דערלויבט זיין. . . וואָס פאַר אַ וויכטיקע פיגור זי איז אין אונזער באַוועגונג. וואָס פאַר א טיכטיקע טוערין אין אונזער אָרגאַניזאַציע. שטייט זי דאָך — שוואַרץ אָף ווייס — אַן דער שפּיץ פון דער פאַרטיי און איר שטעטל. און אזא מין הייסע קעמפערין פאַר דער פאַרווירקלאַכונג פון אונזערע אידעאַלען... דערביי אזוי הארט, קאָמפּראָמיסלאָז. . . שטענדיק לאָגיש, פּרינציפּיעל־אויסגעהאַלטן. . . העכסט אינטעליגענט און באַלעזן. . . און דאָס כאראקטעריסטישסטע פון אַלץ אין איר באַדאַרף זיין, וואָס זי איז גאָר קיין מיאוסע אויך נישט, וואָס דאָס איז, לײַדער, די הויפּט־שוואַכקייט פון פיל אידעאַלע פּאַרטיי־פרויען. און הגם דאָס געהערט לחלוטין נישט אַן מיט פּאַרטיי־אינטערעסן, האָט מען דאָך געכאַפּט די שוואַכע זייט פון איר. . . און ווי אַ טייל פון די חברים, וואָס האָבן זי געקאָנט, האָבן איבערגעגעבן, אַז זי איז פּשוט אַ שיינקייט. אַן אומדירעקטע נאָכפאָלגערין פון קלעאָפּאַטרען... און אויב דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען ווייניק און די מאָס פון אירע מעלות וואָלט געבליבן נישט פאַרפולט—קומט ערשט צו די קלוגשאַפט אירע, די שאַרפקייט, וואָס נעמט אייך דורך, וואָס באַהערשט אייך. קורץ אָט דאָס אַלץ האָב איך פון איר געוואוסט—און נישט מער. מער גאָרנישט. איינמאָל איז צווישן אונז ביידע יאָ עפּעס א בריפן־אויסטויש פאָרגעקומען, איז׳ס אויך נאָר געווען צוליב ריין אָרגאַניזאַציאָנעלע צוועקן. פונקט דאָס. א הארעלע נישט מער.

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך אין הארצן בא זיך שוין פון לאַנג אַ שטאַרקן וואונש געהאַט צו באַקאַנען זיך מיט איר פאַרשוינלאַך. איבערצייגן זיך אין מיינע חברים׳ס געשמאַק. „דאָס שטאַמט מסתמא בלויז פון נייגיריקייט“, האָב איך זיך אליין פאַרענטפערט. מחמת

די אַלע לויב־ווערטער, וואָס פאַלן אין איר זייט פון אַלע כמעט וואָס קאָנען זי יאָ און קאָנען זי נישט — מוז זי דאָך ווירקלאָך זיין אַ שטיקל אינטערעסאַנטער טיפּ. זאָל זיין, אַז איך האָב אַ סך, גאָר אַ סך, אָראָפּגערעכנט פון די אַלע וואונדער, וואָס מ׳האָט איר צוגעשריבן. אַז איך האָב זייער אַ סך געשטעלט אַף דער איבערטריבנקייט פון די זייטיקע, — בלייבט דאָך נאָך אַלץ עפּעס איבער, וואָס דאַרף זיין כאָטש עטוואָס אינטערעסאַנט.

מיט עטלאָכע טעג צוריק האָט מען מיר אָנגעזאָגט, אַז זי קומט אַראָפּ אַהער, צו אונז, אַף אַ פּאָר וואָכן צייט. אייגנטלאָך קומט זי גאָר צו אַ שוועסטער, צו גאַסט. אָבער ווי די זאַך זאָל נישט הייסן, איינס איז קלאָר, ווי דער פּוילישער ווייסער אָדלער: זי קומט און זי קומט. און דאָס איז שוין מער ווי גענוג געווען עס זאָל בא יעדן פון אונזערע חברים ארויסרופן אָפענע און בא מיר פאַרשטעלטע פרייד.

פון מיין פריינט, שליאף, — וואָס זיצט איצטער בא מיר אַפ׳ן בעטל — וועלכער האָט זי געקאָנט, און וועלכער איז אין דער אייגנער צייט אין איר אויך האַלב־פאַרליבט געווען, און זי האָט, לויט זיין באַהויפּטונג, צו אים אויך געוויסע נייגונגען געהאַט, — האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זי האָט מיט אים טאַקע אַ סך וועגן מיר גערעדט. וועגן מיין שרייבן האָט זי מיט אים טאַקע אַ סך וועגן מיר מעגלאָכער פאַראויסשטייענדיקער צוקונפט. און. . . הע, כ׳ווייס? וועגן נאָך זאַכן האָבן זיי באַדאַרפט רעדן. אָבער דאָס קאָמישסטע: „וועגן מיין שרייבן״. וועגן מיין שרייבן, וואָס האָט נאָך דאַמאָלס קיין שום זין נישט געהאַט. קיין צוויי אַרויסגעבראָכענע ווערטער נישט פאַרדינט. און דערביי האָט זי אים אויך איר האַרציקסטן וואונטש אויסגעדריקט — כמעט אַזוי האָט מיר מיין פריינט פאַרזיכערט — יאָ, איר האַרציקסטן וואונטש האָט זי אויסגעדריקט מיט מיר קורצלאָך באַקאַנט צו ווערן. „קורצלאָך״, ווי שיין ס׳קלינגט. און מ׳דאַרף דערביי נישט צופיל שאַרפקייט פאַרמאָגן צו פאַרשטיין, אַז דאָס האָט מיך אַן אַ מאָס שטאָלץ געמאַכט. געהויבן בא זיך אַליין, כאָטש מיט אַלע מעגלאָכקייטן האָב איך געזוכט דאָס צו

דערשטיקן. און זיך אליין באגראבן.

מיין פריינט, שלייף, וועלכער איז איצט בלויז מיט דער איינציקער כונה אריינגעקומען צו מיר, נאר די גוטע בשורה אנזאגן, אז זי, כעלא, — פארצויגן פון חיה — איז געקומען, איז שוין לאנג בא מיר נישט געזעסן. פאר זיין אוועקגיין האבן מיר נאך אפגערעדט, אז שפעטער, נאך מיטאג, ארום צוויי א זייגער, זאלן מיר, זאלבעדריט, שלייף, איך און א דריטער — טאנענשטיין, צו איר אריבערגיין פאר א קבלת פנים, נישט געבנדיק איר פריער צו וויסן אפילו. אף מיין אנטקעגן שטעלן זיך און שוואכן פראטעסט, אז „ס'הויבט נישט אן פאסטן". וואו איז עטיק ? אויסגעהאלטנקייט? — האט ער גענומען, דער פריינט מיינער, און מיך אזוי ארנטלאך אויסגעלאכט. א פארדרוס א ביסל... דערביי האט ער מיר מיט א שפיץ פינגער פון דער רעכטער האנט אין דער לינקער דלאניע אנגעוויזן, אז ערשטנס איז'ס, פון אויבן אויף, אן אומפארגעבענע נארישקייט פון מיר צו רעכענען זיך מיט אזעלכע אלטע, פארשימלטע טראדיציאנעלע שטיקלאך, אנגענומענע געזעצן, „עטיקעטע" זייערע... ס'ברענגט, איינפאך, פון געדולד ארויס.. און צווייטנס — יא, צווייטנס, הויבט זי זיך אפילו נישט אן רעכענען מיט אזעלכע זאכן, ווי עובר זיין אף א פונקט פון דעם בירגערלאכן געזעץ... „עי, ברודער, וואס פון דיר ווערט"! פארקערט גאר: זי וועט ערשט אמתדיק צופרידן זיין פון אונזער אומגעריכטן קומען. ער איז כמעט מער ווי זיכער אין דעם. עס וועט זיין פאר איר א סיורפריז. און זי האט גראד ליב סיורפריזן. אזוי, ווייניקסטנס, האט ער, דער פריינט מיינער, וואס האט זי געקאנט, לויט זיין פארזיכערונג: גוט געקאנט, פארזיכערט.

# II

פונקט צוויי א זייגער, האָבן מיר, — מיינע צוויי פריינט און איך, וועלכע מ'דאַרף אָננעמען פאַר זייער פּונקטלאַכע מענטשן. און וואַרטסלייט, ווען ס'האַנדלט זיך אין אַזעלכע ענינים, — געשפּאַנט אין די בלאָטעס, וואָס פירן אַרויס פונ'ם שטעטל (איר שוועסטער, צו וועלכער זי איז געקומען, האָט געוואוינט הינטערן שטאָט). עכטע קליינשטעטלדיקע, נאָך א זומער־רעגנדיקע בלאָטעס. געדיכטע, זומפּיק, נאַס און שוואַרץ און קלעבעדיק, צעיוירן... האָבן פאַרדעמפּטע אומהיימלאַך־פּייכטע טענער פון זיך אַרויסגעוואָרפן און אונטער אונזערע פיס אָפּגעקרעכצט... נאַסע, קיילעכדיקע רעגנטראָפּנס זענען אָף אונזערע פּנים'ער געפאַלן, מאַלעסולן, שטומפּיקע, קליינטשיקע, נודניקע.. האָבן געשטאָכן און דאָקוטשעט...

דער הימל — א פייכטער, קאַלטער, מיט א גראָער אַנגעבלאָזנקייט, מיט דעם שטעמפּל אָף די גראָע, וואַסערדיקע ליפּן פון גלויבן אין זיך, פון פילן זיין אייגענע הויכקייט, — איז זיך געלעגן אַזוי גראַמאָדנע אויסגעשפּרייט איבער דער וועלטס קאָפּ, אַראָפּגעקוקט אויף ערד, פייער און פלייש צוגעדעקט... א דיקע, שווערע נעבלמאַסע איז אין לופטן געהאַנגען און מענטשלאַכע מיאוסקייט פאַרהויכט, פאַרבלענדט... דעם מזרח פאַרשטעלט, פון וואַנען א קוים באַמערקבאַרער, קאָנטיק א פאַרשפּעטיקטער, זון־שטראַל, א פאַרקרענקטער, גוסס'ער, האָט זיך, ווי מיט גוואַלט, דורך די דיקע, באַפּאַנצערטע וואָלקן־פעסטונגען געוואָלט אַדורכרייסן און וועלכע איז, צום לעצט, אין אַן אומגעלומפּערטער, פאַרצווייפלטער פויזע הענגען געבליבן: נישט אַהער און נישט אַהין שוין אויך...

א פוילער, רייסנדיקער ווינט האָט מיט א יאָמערלאַך קול געהאַלטן אין צעוואָיען זיך, אַז ס'האָט ממש געדראָעט די אויערן צו לעכערן...

נישט אכטנדיק אף דעם, וואס מיינע צוויי פריינט זענען געגאנגען לעבן מיר און גערעדט, געשפאסט, כאראקטעריזירט פאר־בייגייענדיקע טיפן, קיין ברעקל אכטונג נישט געלייגט אפילו אף יענעמס צוגעצויגענער אויפמערקזאמקייט, און טיילמאל, מיט ווע־מען ס'איז אויסגעקומען, גאנץ אפן זיך זאטשעפעט, און דערביי הויך אפ'ן קול געשמאקפול געלאכט, ווי גאר יונגע, זארגלאזע, פריי־מוטיקע בחורים קאנען, — בין איך געגאנגען שטיל, פארטראכט, אין זיך אריינגעטאן, און דער קאפ האט געארבייט פלענער, אויס־טערלישע פלענער, ס'איז כדאי צו פארצייכענען: ווי אזוי, צום ביישפיל, שטעלט מען זיך פאר איר פאר... אבער עס מוז דאך אומבאדינגט אויסקומען שיין און גוט און גראציעז און געלונגען און אויסערגעוועגלאך... דער פארגויג דארף טראגן אין זיך אי דעם גרויסן שטאלץ־קאסטן, אי די גוואלטיקסטע קאוואלערהאפטיקע העפ־לאכקייט... א שמייכל — אפילו א געצוואונגענער — מוז אומבא־דינגט רוען אף מיינע ליפן... א מאס חן... ליבלאכקייט געמאכטע — כאטש א האלבע קווארט... עס זאל מיר גאר געראטן...

אך, איך בין א קינד געווען. ערשט איצט קאן איך אפשאצן ווי נאריש און קינדיש איך בין דאמאלס — מיט גאר נישט קיין גרוי־סער פארגאנגענהייט צוריק—געווען. ווער ווייסט א וואסער, היי־ליקן חכם איך וועל מארגן אף היינט אין זיך אנטדעקן... אזוי לעבט מען אפ יארן. דורות גאנצע. מען טוט אויף וואונדער. א, ס'ארע וואונדער. מ'באווייזט אזעלכע הארבע חכמות — אזש די אויגן גייען איבער. אבער וואס איז דער סך הכל? שטארבט מען דען נישט מיט'ן אמתן פעקל פלענער? ליגט דען אין דער טיפער ערד נישט באגראבן דער מענטשלאכער סוד?..

איך האב זיך אליין גענומען רעווידירן. ארומזען מיין אנטאן. מ'שטיינס געזאגט: אלטווארג מיט גרויסארטיקע לעבער. פאר־זיכטיק האב איך עס געטאן, די דאיקע ארבעט. פלייסיק און אן א ברעקל נאכלעסיקייט. באמערקט א קאלך־פלעק אף אן ארבל פון מיין אויסגעריבענעם פאלטאן (זומער האב איך א שווערן פאלטאן געטראגן, דערצו נאך אן אויסגעריבענעם, מ'קאן זיך שוין אנשטויסן

ווי דער ראָק האָט אויסגעקוקט), האָב איך אים גלייך מיט'ן צווייטן אויסגעווישט, מיט דער הילף פון פריש־געפאַלענע רעגנטראָפּנס. אַ קנעפּל האָט געפעלט. נאָר „ס'מאַכט נישט", האָב איך זיך געקלערט. לוינט זיך נישט אַפּצועסן אַ שטיק האַרץ דערפאַר. צוויי־טנס, איז'ס דאָס סאַמע הינטערשטע. זי וועט עס זיכער נישט באַ־מערקן. און מאָדנע: „זי וועט עס זיכער נישט באמערקן" — האָט מיך גלייך באַפרידיקט. אַפ'ן אָרט בארואיקט. אבער פאַרוואָס זאָל איך טאַקע זיין פויל זיך אַ קנעפּל אָנצונייען? — האָב איך זיך גענומען אַפ'ן פאַרהער. „הער נאָר, בחור", — זאָג איך צו מיר אַזוי אַליין — „וואָס פאַר אַ תירוץ קאָנסטו מיר דאָ אָנגעבן דיין פוילקייט צו באַרעכטיקן? פאַרנומען באַ ליידיק גיין? באַ צעדולטע גראַמען פּלעכטן? דו פוסטעפּאַסניק, — נעם איך זיך אַלץ מער אַף מיר בייזערן, אַזש דער כעס הויבט אין אמת'ן אָן צו דערגליען זיך אין מיר — וואָס מיינט עפּעס, אַז אַ מענטש דערלויבט זיך צו זיין אַזאַ גאַרנישט?..."

די שיך באַפרידיקן מיך אויך נישט. שטאַרק איינגעצויגן. די לעדער אָפּגעבאַקן פון דער זון. פאַרברענט. אַט, אַט — און ס'ווערט אַ פיינער לאַך. געגנוג נסים, פאַרצייטיקע מסתמא, ווייל לויט'ן זכות פון דער היינטיקייט, וואָלטן זיי זיכער נישט אויסגע־האַלטן, זיי לעבן נאָך. וואָס וואָלט מיר טאַקע, אין דער לאַגע, אויס־געקומען צו טאָן? מער, זעט אויס, פעלט מיר שוין גאָר נישט, נאָר מיט די קאַרטאָפּליעס אין דרויסן גיין. מיט אַלעס גוטן בין איך דאָך דערווייל שוין פאַרזאָרגט. געגנוג. איבערגענוג. אַ דאַנק! מער וויל איך נישט. אַ גרויסן דאַנק די אַלע גרויסקייטן פון היינטיקן טאָג, דער טייוול זאָל זיך מיט זיי אויסגלייכן!..

אַ רחמנות אַף זיך אַליין האָט מיך פּלוצים גענומען באַהערשן. מיין האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט טרויריקע געפילן און ביטער'ן פּיין. מיט פינסטערע דערפאַרונגען אין מיין יונגער פּראַקטיק. מיט די ערגסטע פאָראורטיילן קעגן דער גאַנצער לעבעדיקער וועלט. אַ שטאַרקער, האַרצרייסנדיקער זעלבסטבאַדויערן האָט מיך אַרומגע־כאַפּט. איך האָב קיין שום אויסוועג פון דער לאַגע נישט געזען.

מיר איז איצטער בלויז פאַרגעקומען, אַז די צייט האָט זיך אָפּגע־שטעלט און שטענדיק וועט עס שוין אַזוי זיין. קיין ענדערונג צום בעסערן קאָן איך זיך נישט פאָרשטעלן. וואו איך האָב ערגעץ אַ שטיקל האָפנונג אין זיך געהאַט פאַרמאָגט, איז׳ס אויך איצטער ביז׳ן ביין אויסגעטרוקנט געוואָרן. אָט, אָט — און איך וואָלט זיך צעוויינט אָפ׳ן קול. ערן וואָרט, איך וואָלט געוויינט פאַרוואָס די מאַמע האָט מיך געהאַט. אָבער איך האָב זיך געשטאַרקט און באַ־הערשט. אין גאַס. איך האָב זיך געשעמט. און ווער דאַרף דען וויסן מיין לאַגע. קיינער טאָר נישט וויסן. איינער אַליין וועל איך ליידן און שטיקן אין זיך מיין פּיין.

אַ טיפער זיפץ האָט זיך כמעט ווי אומגערן פון מיין ברוסט אַרויסגעריסן: „עך, נישטאָ קיין גליק אָף דער וועלט!“

— העי, וואָס איז דאָס? רעדסט פון שלאָף? נעם אַראָפּ די האַנט פון האַרץ, קינד! אָבער קוק נאָר גוט, שלייף, אפשר איז׳ס אַמאָל נישט ער? מ׳קאָן גאָר נישט וויסן: מ׳קאָן פאַרביטן ווערן... פּס... אַ מענטש גייט אַ האַלבע שעה צייט — און שווייגט. מיר רעדן צו אים — ער שווייגט. מיר טראַכטן: אפשר שלאָפט ער. מילא, שלייף לאָזט מיך נישט אויפוועקן אים. פאַראַן אַ סך מענטשן, וואָס שלאָפן גייענדיק, זיצנדיק, שטייענדיק אפילו. מיט אַמאָל, אַ אויסגעשריי: „נישטאָ קיין מזל אָף דער וועלט“. דאָס, ברודערל, האָסטו שוין אַ גרויסן טעות. גליק אָף דער וועלט איז יאָ פאַראַן. און דוקא אין אַ היבשער מאָס. אָבער ווי פאַר וועמען. פונדעסט־וועגן, ווייניגן דאַרף מען נישט. קרעכצט. פונקט ווי.. און אפשר... זאָג נאָר. טראָגסט? פון וועמען? הי־הי, שלעכט מיט אים... „שלעכט מיט אים“. אַפּנים, אַז זיי האָבן נאָך, די פריינט מיינע, קיינמאָל אַזוי נישט אַריינגעטראָפן. „שלעכט מיט אים“. יאָ, מיינע ליבע, ס׳איז שלעכט. ביטער איז. אָפ׳ן ערנסטסטן אופן.

אָבער פונדעסטוועגן האָבן זיי מיך פון דער אָנגעפאַלענער פאַר־מרהשחורה׳טער שטימונג אַרויסגעריסן. איך האָב אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. פאַריאָגט די שוואַרצע געדאַנקען. און געביטן די פּויזע. איך האָב גלייך באַקומען צוריק מיין געוועגלאַכן משוגע־הומאָרים־

טישן מוט, וואָס פּלעגט מיך צייטנווייז אַזוי באַפאַלן, און וועלכן די פריינט מיינע פּלעגן אַזוי גערן בא מיר זען.

ווייטער זענען מיר שוין געגאַנגען באַהערשט פון אייניקייט. דאָס הייסט, מיר האָבן געבילדעט אַ פראָנט פון דריי. און אַלע צוזאַמען זענען מיר, מיט פאַרשטאַרקטע כחות, געגאַנגען,אַפּגע־שטעלט פאַרבייגייער, חוזק געמאַכט, געטשעפּעט זיך אין דער פוילער וואַנט,ארויסגעהאַלפן איינער דעם צווייטן, ווען ס'איז נויטיק געווען, מעשה חוצפּה'דיקע הפקר־יונגען, ווי אונזערע מאַמעס פלעגן אונז אָנרופן, וואָס ליידן נישט די היינטיקע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג, מיט דעם פאַרשימלטן, פול־ראַסטיקן, דיסציפּלינירטן סיס־טעם לעבן. ווילדע יונגען זענען מיר געווען. מיט גאַנצע פּעק פּלע־נער אין אונזערע מחות. און אַטאַ די אַלע ארומיקע ברואים האָבן כמעט פאַר אונז נישט עקזיסטירט, ווען זיי וואָלטן אונז אַזוי אומדערבאַרעמדיק נישט געווען דערמאַנען, ווען זיי וואָלטן אַזוי שרעקלאַך נישט געגעבן צו פילן, אַז זיי לעבן נאָך... מיר האָבן זיך דאַריבער פאַר קיינעם נישט געוואָלט אויספּיינען און קיינעם נישט געזוכט געפעלן צו ווערן.

מיין ערשטער פריינט, — אָדער „די רעכטע האַנט", ווי אַנדערע פּלעגן זייער געלונגען זיך אויסדרוקן, — שלייף, איז אַ יונג פון מיטעלן וואוקס. עטוואָס דיקלאַך, מיט ברייטע אַקסלען. דער פיזי־שער געבוי — פעסט. גראָע אויגן. טונקעלער אָפּגלאַנץ, מיט ברוי־נע, לאַכעדיקע ווינקלען. אַ קיילעכדיק פּנים פון אַ טונקל־ברוינער עטוואָס־אָפּגעברענטער הויט. אַ דאַרע נאָז מיט אַ מיטנביין. שי־טערע ברעמען מיט אַ הויכן, פּיערקאַנטיקן שטערן. באַזיצט אַרטיס־טישע פעאיקייטן' מיט נאָך גרעסערע פּרעטענזיעס אַף דער בינע. שוין פיל מאָל אויפגעטרעטן אין דראַמאַטיש־אַמאַטאָרישע פאַר־שטעלונגען און זייער געלונגען אַפּילו זיך אויסגעצייכנט. ער האָט נישט קיין שלעכטע באַריטאָן שטימע, ווען ער עסט פריער אויף אַ שפּאָר ביסל פראַנצויזישע געבעקסן און פאַרטרינקט דערנאָך מיט סטאַק־וואַסער. קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג האָט ער נישט. און לעבט זיך אַזוי אַפּ'ן ווינט. קיין פאָטער האָט ער נישט.נאָר אַ

מוטער, אַן אַלטע פאַרקרענקטע פרוי, מיט צוויי ברידערלאַך, וועלכע ער העלפט נאָך אַמאָל מיט עפּעס אַרויס. אַזוי איז ער אַ צוגעלאָזע־נער יונג, אַ גוטער, כאַפּט זיך קושן באַ דער קלענסטער התפּעלות. אַ פריילאַכער איז ער. תמיד זינגט ער, טאַנצט ער (ער טאַנצט זייער פיין אויס אַ פּאָלקע מאַזורקע). שווער צו וויסן ווען ער איז זאַט און ווען נישט. און הונגער ליידט ער אָפט. ווייל מ'האָט באַ אים, ווי באַ פיל אַנדערע, צוגענומען דאָס רעכט אפילו זיין אַרבעטספּע־איקייט צו פאַרקויפן. דער הויפּט־שטריך: אַ גוטברודערלאַכער אין העכסטן זין פון וואָרט.

איך האָב זיך מיט אים ערשט נישט לאַנג צוריק באַקאַנט גע־מאַכט אָף אַ באַנקעט לכבוד אַ חשוב'ן חבר־גאַסט באַ אונז. און פון דאַמאָלס אָן זענען מיר אַזוי צוגעקלעבט איינער צום אַנדערן מיט אמת'ער, איבערגעגעבענער חבר'שער פריינטשאַפט.

דער צווייטער, טאַנענשטיין, איז געקומען אָף דער וועלט אַ דאַנק צוויי רייכע, חסידישע קינדער, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט. אויך זיינע עלטערן האָבן אָפּגעהיט די טראַדיציע פון אָבות אבותם. קיין שום נייעס נישט צוגעקלערט. האָפן נאָך ביז'ן היינטיקן טאָג אָף משיח'ן, וועלכער האָט נישט באַ איינע פון אַזעלכע פאַנאַטיקער דאָס געדולד אָוועקגענומען צוזאַמען מיט דער אמונה. מיט פרומער מאַטערניש האָבן זיי נעבאָך אויסגעהאָדעוועט קינדער פון כמעט אַלע פּאָליטישע לאַגערן וואָס געפינען זיך נאָר אויף דער אידישער גאַס. פון רעכטס — ביז לינקס. פון עקסטרעם — ביז עקס. דער דאָזיקער פריינט מיינער איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער לינקסטער פון אַלע. האָט געגלויבט אין אַנאַרכיזם. האָט געקאַנט קראָפּאָטקינען. האָט געהאַלטן, אַז ער קאָן פּאָליטישע עקאָנאָמיע. איז אויך געווען זיכער, אַז אָן עקאָנאָמישע ווירטשאַפט אָף אַנאַרכיסטישע יסודות קאָן איינגעפירט ווערן אין ווייניק חדשים צייט.

נישט קיין נאַריש־יונגל, אָבער אַ יונגל. דערפאַר אַ ליבלאַך יונגל. אַ הויכער, בלאָנדער, מיט אַ שטאַרקער, טיף־אָטעמדיקער ברוסט. רויטע גלאַטע באַקן מיט יוגנטלאַך ריינע בלוטפלעקן. אַ קורץ נעזל מיט עטוואָס אויפגעבלאָזענע נאָזלעכער. דינע ליפּן מיט

געזונטע גרויסע, ווייסע ציין, וואָס זעען זיך אַרויס באַ'ם רעדן ביז די יאַסלעס. דאָס היטל טראָגט ער שטענדיק אַף א זייט, לויט'ן רוסי־שן שטייגער. צוויי זאַכן פאַרנעמען באַ אים דעם אויבן־אָן, וואָס איז פאַררעכנט באַ אים אַלס הויפּט מאָטאָ פון לעבן: אַנאַרכיזם און שיינע מיידלאַך. די פאַרווירקלאַכונג פונ'ם אַנאַרכיסטישן אי־דעאַל איז אַ נויטווענדיקייט און די דערנענטערונג צו אַ שיין מיידל, איז גלאַט אויך א גוטע זאַך. און מיט דעם לעצטן פון זיינע צוויי שוואַכקייטן באַנוצט ער זיך טאַקע אָפטער, ווי מיט דעם ערשטן. דאָס ערשטע בלייבט באַ אים אין דער טעאָריע און די צווייטע — אין פּראַקטיק.

אַ שטאַרקע נאַטור, אָן אָפּנהאַרציקע. דערגרייכט טיילמאָל ביז צו פּרימיטיווקייט מיט זיין אָפנהאַרציקייט, וואָס מאַכט אים אָבער אַזוי באַליבט באַ די אייגענע. ער קאָן אָפילו די פאַרבאָרגנסטע געפילן זיינע נישט לאַנג אין סוד האַלטן. קיין באַהאַלטנקייט בכלל עקזיסטירט נישט פאַר אים. זאָגט ער אייך אַמאָל אַ ליגן, איז ער זיך גלייך אָפּ'ן צווייטן טאָג פאַר אייך מודה, אויב איר האָט אים נאָר נעכטן געגלויבט, ווייל ער האָט אַ שוואַכקייט צו געבן צו מערקן ווען ער זאָגט נישט דעם אמת, — און ער האָט דערביי די אויפריכ־טיקסטע חרטה.

— און אָט זענען מיר אָנגעקומען ! — האָט שלייף אַף אַ ניד־ריק הייזל מיט קליינע פענסטערלאַך און דינע ווענטלאַך אָנגעוויזן.

מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן מער ווי רעגלמעסיק. איך האָב נאָכאַמאָל פּרובירט אַ ברום טאָן, אַז „ס'הויבט נישט אָן צו פּאַסטן שוין צו לויפן צו איר“. . . ערשט געקומען ! !. אָבער עס איז געווען צו שפּעט און אינגאַנצן אומנוצלאַך. קיין שום אָפּקלאַנג אַף דעם האַרטן שלייף נישט געפינען, וועלכע האָט מיט אַ לייכטן „עס מאַכט ניקס“ געעפנט די טיר, און מיר זענען, כמעט ווי אַן חשק, אַריין, גלייך עמיצער וואָלט אונז אין דער אמתן געצוואונגען דערצו.

# III

פאַרנט — אַ קליין קיד־שטובל. טונקל. רויכיק. נאַס. עטוואָס שטיקנד און אַלגעמיינע אומאָרדנונג. אַ ברענענדיקער קיד־אויוון מיט דערגליטע שטאַרצן, וואָס שלאָגן אָפּ פון רויטקייט. ס׳שטייען טעפּ מיט יויכן און קאָכן זיך. אַ געדיכטע פּאַרע שוועבט אַרום מיט אַ רויכיקער פעטקייט. אַ יונגע פרוי שטייט דערלעבן און טוט אַכטונג: אַט שוימט זי אויס אַ לויפנדיקע יויך, דערגיסט מיט וואַסער, דערלייגט אַ שטערצל פון אויבן און בלאָזט, בלאָזט.

אַ הויכע, מאָגערע פרוי. אַ לאַנג פּנים. טרוקענע, איינגעפאַלענע באַקן, וואָס פלאַמען איצטער מיט געמאַכטער רויטקייט פונ׳ם פייער. טונקל־גראָע אויגן מיט אויסגעגאָסענער גוטסקייט אין זיי. מילד קוקן זיי, פאַרטרוילאַד. קערפּערלאַד איז זי מאָגער און ביינערדיק. אויפ׳ן קאָפּ אַ ווייסע פאַטשיילע פון ניקאַלאַי דעם צווייטנס צייטן. רויטע און בלאָע באַפּוצונגען. האָר, נישט העלע, נישט טונקעלע און גלאַט אַזעלכע, וואָס איז זייער שווער צו באַצייכענען, רייסן זיך איינציקע אַריבער. אַ ברייט קלייד — לויז אַראָפּגעהאָנגען. אַ העלע בלוזקע, אָדער זי האָט אפשר געמוזט אַמאָל אַזוי זיין, פול ברוד און קויט. אַ שמוציק פאַרטוך מיט שטעקשיך פון שוואַרצן געוואַנט און... און מער האָב איך דאָך אין ערשטן אויגנבליק נישט געקאָנט באַמערקן. דער פרישער איינדרוק האָט געקאָנט מאַכן: אַן אָפּגעלאָזענע באַלעבאָסטע — אַ טיפּ פון יענע העכערקלאַסיקע טעכטער פון פאָלק, וואָס זענען מיידלווייז נישט געוואוינט די האַנט אין קאַלטן וואַסער אַריינצוטאָן.

דאָס איז געווען כעלאַ׳ס שוועסטער.

דערזען אונז — האָט זי גלייך פאַרשטאַנען צו וועמען מיר זענען געקומען. ערשטנס: זי האָט גוט געקאָנט שלייפ׳ן. צווייטנס,

— ווי איך בין שפּעטער אביסל געוואָר געוואָרן — איז'ס גאָר קיין נייעס נישט געוועז, אז אזוי ווי זי, כעלאַ, שפּרינגט נאָר אראָפּ פון וואָגן, זאָלן באַלד קומען געסט, באַזוכער. ס'א געוועגלאכע מעשה. זי האָט שנעל און געאיילט געענטפערט אף אונזער עטוואס פאַר' דייטשטן „גוטן טאָג"! און מיט נישט קיין געמאַכטער פרייד אפילו.

— צו כעלאַ'ן וענען מיר געקומען? זייער פיין. כמעט גרויס־ אַרטיק פיין. הער נאָר: כ'פרעג נאָך. וואָס דען? צו מיר וועט מען קומען? אַן אַלטע אידענע, וואָס, שלייף! און ווי זי וועט זיך עס טאַקע פרייען, כעלאַ־לעבן. און מיר — זאָגט זי — וועלן דאָך איר געוויס „פאַרצייען", ווייל זי איז נאָך גאָר נישט אָנגעטאָן, כעלאַ. וואָס, נישט? ווי געשיקט זיך עס? ניין, די זאך איז פשוט: שפּעט אויפגעשטאַנען. מיד פונ'ם וועג. א קלייניקייט היינטיקע „יאַזדעס"... אַ גאַנצן נעכטיקן אוונט זיך „געטליקעט" אפ'ן באַן. מ'ווייסט דאָך מסתמא. מיר קומען דען, מיינט זי, פון אפריקע? האָט זי שוין היינט, כעלאַ, אפילו קיין אָנבייסן נישט געגעסן. גלייך צו מיטאָג אויפגעשטאַנען. טאַקע ערשט נישט לאַנג. לייענט דאָרט אַ בוך איצטער, אַן אינטערעסאַנטן... און „ביטע שיין", דאָרט, אין יענער שטוב איז זי... — — — — כעלאשי!

*Chelcia*־לעבן, האָט זי אף פּויליש פאַרבעסערט. האָסט דאָך געסט! האָט זי אהין אריינגעשריגן.

גערעדט האָט זי שנעל, אָפּגעהאַקט און אָן סדר. עס האָט אויסגעוויזן, גלייך זי האָט אלע ווייבערשע ניין־מאָס רייד אף איין מאָל געוואָלט אויסנוצן. זי האָט זיך אָנגעפּאַקט אַ פול מויל און גענומען מאַלן אַן אָפּהאַלט. נישט אָפּגעשטעלט זיך אַפילו אין אזעל־ כע פאַלן, וואו ס'איז דורכאויס נויטיק געוועזן. שוין אָפּגערעדט פון וועלכע פויזעס. מען האָט זי שלעכט פאַרשטאַנען. און נישט איינ־ מאָל האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז זי האָט גאָר חרטה אפ'ן גאַנצן עסק און אַז אָט־אָט לאָזט זי אונז שטיין איינגעזייפטערהייט און לויפט גאָר אַוועק אַ יויך אויסשוימען, וואָס איז זיך דאָרט אין אויוון צעלאָפן.

אז כעלא איז געווען דער ליבלינג פון דער פאמיליע, איז מיר געווען באקאנט. זי איז געווען א קלוגע, געלערנטע און בכלל — א געראטענע. אבער מער ליבשאפט ווי די עלטערן אפילו האט איר ארויסגעוויזן אטא די שוועסטער טאקע, צוליב אלטע חשבונות. דערפאר האט זי טאקע כעלא׳ס געסט אזוי שיין צוגענומען אלע מאל און צופרידנשטעלנד פריינטלאך.

שלייף האט שוין דערווייל איבער דער צייט געהאט געעפנט די טיר פון דער צווייטער שטוב און איז אריבער די שוועל. מיר — טאנענשטיין און איך — נאך אים. א זייטיקער בליק אף טאנענשטיין׳ען האט מיר דערציילט ווי פארצאפלט ער איז געווארן.

אויף א שווארצער סאראטענער קאנאפע, נישט ווייט פונ׳ם פענסטער, איז זי האלב־געזעסן, האלב־געלעגן — א קליין ווייס קישעלע האט צווישן אירע פלייצעס און קאנאפע־אנלענען גערוט. האט געטראגן א לייכטן, דינעם שלאפראק. בא די אקסלען עטוואס אויפגעשפיליעט, היימישלאך. א גלאטע, ווייסע אלבאסטער הויט האט זיך ארויסגעזען. רונדע, מאסיווע, ממש געטאקטע, גליד־דער ביז די בריכט־צווישנשייד. שטעק־לאפטשעס האט זי געטראגן, פון ווייכן געלן לעדער, אף בארוועס־נאקעטע, קיילעכדיק־געשניצטע פיס. א לענגלאך פנים. עטוואס בלאס, אבער קלאר און חנ׳עוודיק און אנציענד. א ווייכע, צארטע הויט — אזש דורכזיכטיק. א דינע־סאמעט. א הערלאך געשניצטע נאז. לענגלאך און שמאל. אויגן, פון וועלכע מ׳האט דאכט זיך קיינמאל קיין באשטימטס נישט גע־קאנט ארויסלייענען, וואס אזוינס ס׳שפיגלט זיך אין זיי אפ... אט איז דער בליק אירער ווייך, מילד, אומשולדיק און נאאיוו, ווי א נאר־וואס געבוירן קינד. ווייסט נישט פון וואס צו זאגן. ריינע צניעות׳דיקייט שפריצט פון זיי ארויס... אבער מאמענטאל — און עס ווערט געביטן: הארט. אפשפעטנד, פרעך כמעט. פרעך און פארפירעריש, מיט א העל פייערל אין זיי, א מאגישן גלאנץ. וואס רופט צו זינד... איינפאך, פראסט און ליבלאך. שטייף, אנגעצויגן און שטרענג... דורכגעטריבן, כיטרע און שפיזיק־שארף

און דורכבויערנד... דרינגט אַריין אין אייערע פאַרבאַרגנסטע ווינקלען און גראַבט זיך דאָרט אין מיאוסע לעבנס־סודות... איבער־ריגנס, אַזוי האָב איך דאַמאָלס געוואָלט האָבן. דער אמת אָבער האָט געקאָנט זיין, אַז דאָס איז פּשוט געווען איינע פון מיינע משוגעתן, אַז אין גהינום, אויף יענער וועלט, האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע צווישן די נשמות... טייל פון זיי ווילן אָננעמען דעם הימלישן משפּט צו פּרעגלען זיך אָפּ'ן פייער און טייל רעוואָלטירן קעגן דעם... אָדער אַז דער שטערן מאַרס האָט אָנגעבאָטן מחותנים'־שאַפט אונזער ערד... אַז.. נו, אַזוי האָב איך געשאַצט. און אויב איך האָב נישט געטראָפן, האָט מען בא מיר אַן עולה.

האָר האָט זי געהאַט שוואַרצע, אמת שוואַרצע, וועלכע זענען נאָך איצטער אין אַ שטיקל אומאָרדנונג געלעגן. צעשויבערט, אַרוי־בערגעוואָרפן ביז צו די שולטערן. איינציקע בלויז, געלאָקטע, האָבן זיך איבער'ן קליינעם שטערן אַריבערגעריסן און הערלאָכקייט אינ'ם אויסזען צוגעגעבן.

זי איז געזעסן אין אַן אַרטיסטיש־אויסגעהאַלטענער, וואָזשנער פּויזע. אַן אומבאַוועגלאָכע, גוואַלטיק פּאַרטיפּט אינ'ם לייענען אַ רוסישן בוך, דאָסטאָיעווסקי'ס „דערנידעריקטע און באַליידיקטע". און מיר איז גלייך איינגעפאַלן, אַז דאָס איז גאָר אַן אָנגעגרייטע פּויזע. אַ מאָדנער בין איך אפשר. באַלד בין איך חושד אין שלעכ־טע כונות. אַ מענטשן, וואָס מ'זעט ערשט ס'ערשטע מאָל אין לעבן.

גוטער גאָט, כ'בין מיר טאַקע אַ שלעכטער מענטש, אָבער מיינע באַשולדיקונגען זענען דאָך כמעט קיינמאָל נישט געווען אינגאַנצן אומבאַגרינדעט! און צו יענער צייט בין איך דאָך נאָך אויך אינ־גאַנצן משוגע נישט געווען.

לויט'ן מהלך האָט מען גאַנץ גוט און גענוי געקאָנט און געמוזט הערן אונז אַריינקומען. אונזער שמועס אין דער צווייטער שטוב, דער שוועסטערס רוף און מעלדן אונז. נאָך אַ נייס: אונזער אַריינ־קום אין איר צימער, די טיר־עפענונג. די טריט — מעג זיין איינ־

געהאלטענע, דורך־ארץ־מעסיקע. באמערקט זי אונז נאך אלץ נישט. מחמת, פארשטייט זיך, אויסערגעוועגלאכן, איבערגעפעפערטן אינ־טערעס און פארטיפטקייט אין דאסטאיעווסקין, אין זיינע העלדן...

מיר האט עס אנפאנגס אויסגעוויזן גאנץ קליין און נאריש־אי־בערטריבן. נישט אויסגעהאלטן און ווייניק־וואס געלונגען. גאר נישט פאסיק פאר אזא „קלוגער, גערעטענער, שארפער, און אזוי ווייטערדיקער“... אבער... יא, אט קומט דער נס: מיט איינמאל דערזעט זי אונז פלוצם. קוקט א ווײַלע עטוואס פארוואונדערט, ווי אומגלויבלאך. נאר גלייך בייט זיך די פארב אף איר פנים. דער גלאנץ אין אירע אויגן... זי דערמאנט זיך: מיט א קינדערישער פארשעמטקייט, חנ־עוודיקייט, כאפט זי זיך שנעל צושפיליען דעם שלאפראק בא דער ברוסט און אקסלען מיט קליינע, ווייסע פינגער. שטייט אויף, מיט א פלינקן באוועגלאכן טראט, גייט זי אונז אנטקעג־גן, ארײַנשטעקנדיק א פינגער צווישן די בוך־בלעטלאך אף דעם אנגעצייכנטן ארט, וואו זי איז שטיין געבליבן. גיט שלייף'ן די האנט און באגריסט זיך.

נאטירלאך, ער שטעלט אונז פאר.

הער איך א לשון:

— וואס, דאס בין איך? ווירקלאך? ווי ס'פרייט זי, אלא טי־פעניש פון הארץ, צו קאנען מיך פארשווינלאך. און זי האט וועגן מיר געהערט. גערעדט א סך. אך, איר... ווי זי האט עס געוואונשן. און איר: טאנענשטיין, אויב זי מאכט נישט קיין טעות.. דו, שלייף, גרויכער הימל, ס'ארא אומארדנונג אביסל.. און זי איז אזוי... איר גדולה... זאל זי בעטן אנטשולדיקונג? ניין. זי זאגט: ניין. לעבערלאך. אייגענע חברים. לעבערלאך. און זי בעט זייער: זיצן. ווען זי זאל נאר געווען וויסן...

— מיר בעטן טאקע אונז צו אנטשולדיקן — האב איך זיך גע־פילט בארעכטיקט אויך אין נאמען פון מיינע פריינט צו רעדן — כ'גלויב, אז מיר האבן ווירקלאך נישט באדארפט אזוי איילן. מ'קאן

עם אננעמען פאר זייער לייכטזיניק און נישט אויסגערעכנט — און מיט פולער רעכט. מיר זענען אבער נאר אויסן געווו. . .

— א, פארקערט, דורכאויס פארקערט. — איז זי מיר נישט גאנץ העפלאך אין די רייד ארייגעפאלן — ווי איך בין צופרידן, וואס איר זענט געקומען. נישט גערעכנט זיך. ניין, ס'איז ווירקלאך אויסגעצייכנט פון אייך. דיר, שלייף, — האט זי זיך צו יענעם געווענדט מיט א מינע, וואס האט געקאנט אויסדרוקן די אויפריכטיקסטע דאנקבארקייט און דעם דורכגעטריבנסטן חוזק — דיר קומט דעם אמת'ן דאנק. כ'זאג דיר : ביזט א טייערע זאך! ווארט, איך וועל דיר שוין אפדינען ! — האט זי מיט א מאדנעם וואונק צוגעגעבן, פון וועלכן דער ארעמער האט זיך פשוט געשמאלצן אין גרויסער אנטציקונג. — און דאס בין טאקע איך ? — נעמט זי זיך אויפסניי. און איר בליק נעמט מיך דורך. דרינגט אריין טיף, טיף. איך. . אפ'ן ווארט, כ'פארליר זיך. . א יונג אומערפארן יונגל קאן בשום אופן אזא פרויען־בליק נישט אויסהאלטן. . . הם. . זי בעטדאכט זיך עפעס. . . „א חלום, זאגט זי. אלץ קאן זיך חלום'ען. . .“

ווי פון שלאף ארויס האב איך דאס שוין געהערט. פון א טיפן, מאטן שלאף. איך וויל נישט באהאלטן מיינע דאמאלסדיקע געפילן: איך בין געווען בארוישט, אנטציקט און באגייסטערט ביז דעם העכסטן גראד. וויפיל זי האט עס דאמאלס אויסגערעדט! גרויסער בראמא, ווי זי האט עס גערעדט ! ווי אפן און נישט באהאלטן זי האט איר פרייד ארויסגעוויזן. א קליינינקייט ? „מיר“ זענען געקומען. אומגעבעטענע מחותנים. אבער ווער איז זי דאך? וואס איז זי ? א פרוי האט מיך געמאכט דענקען פון זיך, נאך איידער איך האב זי געזען אפילו. . . שפילט א ראלע אין איר פאמיליע. . . פארנעמט כמעט דעם אויבן־אן. . . צייכנט זיך אויס מיט קלארקייט, שארפזין, פרינציפיעלקייט. . . אומדירעקטע נאכפאלגערין פון קלעאפאטרען. . . האט זיך געשאפן א נאמען צווישן די חברים. . . און. . . זוכט זיך אויסצופיינען פאר פרעמדע יונגע לייט. . . געפעלן ווערן אבי וועמען. . . דער פאקט אף דער האנט. לייענט

דאסטאָיעווסקיס ראָמאַנען...? איז איר געשמאַק א גוטער?...
—א וואזשנע נקבה! —דערפיל איך פלוצים טאַנענשטיינס ליפּן נלייך לעבן מיין אויער — וואָס זאָגסטו?

איך האָב אים א צייכן געגעבן צו שווייגן און ער האָט מיך גלייך געפאָלגט.

— באָבע, גיי נישט אהין! — דערטראָגט זיך דער שוועסטערס קול פון'ם קיד־שטובל — וואָס האָט דער פעלדשער געזאָגט, באָבע? ס'קינד איז חלילה נישט געפערלאַך, הא? וואָס, באָבע?...

## IV

גדליה — א איד מיט א געפלאכטן שטריימל, ווי מ'האט אים גערופן, — איז געבוירן געווארן אין דעם שטעטל ב., אין די דרייסי־קער יארן פונ'ם פארגאנגענעם יארהונדערט. „דאס געפלאכטענע שטריימל“ האט מען אים גערופן דערפאר, ווייל ער איז זיך צעגאנ־גען אף פארשידענע וועגן. האט ער, למשל, פון איין זייט נאך גענוג אפשיי און דרך ארץ פאר א רבי'ן געהאט, א „גוטן איד“. פלעגט נאך טיילמאל פארן מיט א שיינעם פדיון צו „אים, זאל לעבן“. — האט ער אבער, גדליה, פון דער צווייטער זייט, אפגעשפעט און אויסגעלאכט א סך אנדערע ענלאכע „פינסטערע איבערבליי־באכצן“ פון די אלטע צייטן. אזוי פלעגט ער כמעט אלע טאג אין שול אריין גיין — און עסן פאר'ן דאווענען. ער פלעגט דערמיט אין זין האבן א גוטן מאטיוו: ווייזן א ביישפיל פאר אנדערע. מ'דארף קאנען דינען ביידע, אי „אים“ אויבן, אי „זיי“ הינטן. און ס'דארף דערמאנט ווערן, אז פונקט ווי פיל אנדערע באשעפענישן פון דעם סארט, פלעגט אויך גדליה זיך דוקא אויסצייכענען מיט פרעדיקן מאראל, רעליגיעזע אייגנשאפטן. אז וואס? אז אזוי ווי מ'איז טאקע נישט גאנץ זיכער אין די אלע הייליקייטן, אין די „שריפטן“; אז אזוי ווי מ'וויל נישט גלויבן אין גאט און אין אלץ; אזוי ווי יעדער איינער נעמט זיך דאס רעכט אויסצוטייטשן דעם פשט לויט'ן איי־גענעם פארשטאנד און אין דער אמתן פארלייקנט מען פיל וויכטיקע זאכן, וואס האבן א גאנץ גרויסע ממשות, — איז דאך, לויט זיין מיינונג, גלייכער דוקא יא צו גלויבן, נישט פארלייקענען „גאט און אלץ“. אלצאיינס, זאגט ער, לעבט מען שוין אין ספק — „מ'ווייסט נישט“ — איז דאך טאקע געזונטער צו גלויבן. דער פראסטער

פאַרשטאַנד ברענגט דאָך מיט. ווייל טאַמער איז דאָך פאַראַן א פּראָצענט אמת וואָס ס'שטייט „דאָרט" געשריבן. . .

פון א ביסל דאַוונען האָט גדליה געהאַלטן. א קאַפּיטל תהילים איז ממש ווערט אוצרות. און נישט בלויז צוליב דעם אליין, וואָס מ'האָט דעם איינדרוק, אַז לעבן דיר געפינט זיך, בשעת'ן זאָגן, אַן „אייגענער", א „נאָענטער", פאַר וועלכן מ'רעדט זיך אָפּ דאָס האַרץ און ס'ווערט גרינגער אויף דער נשמה, ריינער דער געוויסן און מ'מאַכט א פּלאַץ פאַר פרישערע זינד, — ניין, נאָכמער ווי דאָס: מעג ער זיין ווי פריידענקעריש געשטימט, דער זאָגער, אַפּיקורסיש אַפילו, ווערט ער אָבער בעת מעשה אַזוי אָנגעשטעקט מיט באַגייס־טערונג פון די „זיסע ווערטער" און הייליקע פּסוקים, שטייגט די התפּעלות בא אים אַזוי הויך, ווערט אים דאַמאָלס אַזוי גוט, אַזוי לייכט אויף דער נשמה, דעם מתפּלל. . .

אָבער גדליה אליין האָט דאָס נישט געקאָנט באַווייזן, וואָס דאָס האָט אים, דאַרף מען אים גלויבן אָפּ'ן וואָרט, שטאַרק גע־קרענקט (מ'האָט עס אַפילו געקאָנט אָנזען אויף זיין אויסערלאַכן אויסזען). די אורזאַך: ער איז געשטראָפט מיט א צו שטאַרקן טעמפּעראַמענט. עס פעלט אים פּשוט, זאָגט ער, אויס געדולד אָוועק־צוזעצן זיך בא'ם סידור און שאָקלען זיך, זיצן און שאָקלען, שאָק־לען און זיצן... ער פילט בחוש, גדליה, אַז עס וואָלט אים א גוד־נעקייט אָנגעכאַפּט.

אויך פון א תענית האָט ער נישט ווייניק געהאַלטן. „מיט דעם טאָג פאַסטן", האָט ער בפירוש געזאָגט, „פאַרריכט מען א סך, זייער א סך, באַגאַנגענע פעלערן. מ'מעקט דערמיט אויס א סך, זייער א סך, באַגאַנגענע חטאים"... „א תענית באַצאָלט זיך גוט"! — האָט ער געשמאַקעוועט — „ווער עס קאָן עס נאָר באַ־ווייזן"...

יאָ, ווער עס קאָן עס נאָר באַווייזן. ווייל ער אליין, גדליה, דאַרף מען וויסען, האָט עס, בא זיין בעסטן ווילן, נישט געקאָנט באַווייזן. ווייל דער מענטש האָט פון זיין קינדהייט אָן געליטן פון אַן אומהיילבאַרן „פעלער": מיט דער אכילה האָט ער נישט געקאָנט

זיין צעשיידט מער ווי אן אכטל פון א מעת לעת. אפילו ביינאכט ווען ער איז געשלאָפן, האָט זיך אים גע'חלום'ט א ברויט־בעקער צוקאָפּנס. עפּעס א מין אומבאגרעניצטע ליבע האָט צווישן זיי גע־הערשט. „און דאָס" — האָט ער זיך אליין מודה געווען — שטאַמט פון דעם, וואָס ער האָט א שוואך הארץ"... (א איד — א גברן געווען) „און ס'איז שוין אזוי אויך מער ווי גענוג פון מיין זייט"— האָט ער זיך אָפּ'ן אייגענעם חשבון געוויצלט — „וואָס איך פאַסט אָפּ אַזעלכע אייזערנע נעכט"... דאך האָט ער איינמאָל אין יאר זיך אָנגעטאָן א כח און אויסגעפּאַסט דעם יום כפּור'דיקן טאָג (מ'האָט אים טאַקע אַלע מאָל כמעט א האַלב־טויטן פון שול אהיים געפירט). „דאָ" — האָט ער געזאָגט — „איז שוין איין ברירה. איינרייסן זיך מיט „אים" אף אזוי פיל, לוינט נישט..."

ער איז אפילו א וואויל־קענעוודיקער אויך געווען, גדליה. אזוי האָט ער, צום ביישפּיל, אַלע מאָל אויסגעצייכנט געוואוסט ווען ס'געפאַלט אן עיבור־יאָר, תשעה באב, מיט די ניין טעג. און ווען דער הימל שפּאַלט זיך. און וואָס די באדייטונג דערפון איז... א שאַרפער בקי איז ער אויך געווען אין יום טוב'דיקע געריכטן, דאָס וואָס ס'האָט באַ אים אַלע אנדערע וויכטיקע זאכן פארטריבן. „קרעפּלאַך איז דאָס בעסטע צוגעפּאַסטע מאכל פאַר שמחת תורה און פורים. פּסח און חנוכה איז גוט גריוון. שבועות איז א מצוה צו עסן מילכיקס. סוכות איז אַ מצוה צו זיצן אין סוכה און עסן גענזענע פּאָלקעס. יום כפּור, נאָכ'ן תענית, איז זייער געזונט אַז אונגארישע פלוים. אזוי אין א פּראָסטן שבת איז נישט שלעכט א טשאָלנט מיט א פיין שטיקל קוגל, מיט אַ ביסל פּעטע מייערן־צי־מעס..." און נאָך אַ סך גוטע זאכן האָט ער געוואוסט, גדליה.

קיין פאַריאָגטער, פאַר'דאגה'טער איז ער נישט געווען. מיט פּרנסה איז ער געווען באַזאָרגט. הינטער'ן שטאָט האָט ער זיין אייגנס א מיל פאַרמאָגט, וואָס האָט געשפּייזט אים און זיין פאַ־מיליע.

**נישט ווייט פון דער מיל טאַקע האָט ער געוואוינט, אין אַן אייגן הייזל, ווי א שררה. אזוי, וויינקסטנס, האָט ער געוואָלט.**

דאָרט האָט ער אויך אַ שייער פון תבואה פאַרמאָגט. אַ שטאַל מיט פאַרפוילטע שטרוי, מיט אַ פערד, אַ גניאַדע, אַ בהמה, וואָס פלעגט זיך לאָזן מעלקן אַלע אַנדערטהאַלבן מעת לעת און אַ הונט, אַ ווייסער, גראָבער מאָפּס, מיט שוואַרצע פאַקן הינטער די אויגן, וואָס פלעגט בילן אַף אַ קאָנטראַלטאָ, ווען אַ פרעמדער פלעגט קומען. און עופות אַלערליי, וואָס ער פלעגט האָדעווען פאַר זיך אַליין.

ווייבער האָט ער געהאַט ווייניקער פון זעקס — און מיט אַלע זיך געגט׳. געהייסן האָט עס: זיי האָבן אים געגט׳. אָדער נאָך פּשוטער: זיי זענען פון אים אַנטלאָפן. די סבה וואָס זיי האָבן אָנגעגעבן דערביי איז נישט געווען זייער צופרידנשטעלנד פאַר אים, גדליה׳ן. אַלע מיט דער זעלבער באַשולדיקונג: צופיל מאַן. מאַנכעס מאָל — אַ חיה.

באַ׳ם פינפטן, דערציילט מען, איז ער געבליבן שטיין און געזאָגט: „גענוג! איצטער וועל איך אָפּרוען אַ קאָפּ און אָנהויבן פון די קינדער נחת צו האָבן!" דאַמאָלס איז ער שוין געווען נאָענט צו די זעכציקער.

אויסגעגעבענע האָט ער ׳שוין געהאַט דריי, פון די ערשטע צוויי ווייבער (קינדער האָט ער כמעט פון אַלע ווייבער געהאַט). און אַלע זענען זיי, די קינדער, באַ׳ם פאָטער געווען און געאַרבעט, ווער אין מיל, ווער אין הויף, אין שייער, א. ד. ג. אין אַ טאַטע איז ער אַ גוטער געווען. עס האָט זיי באַ אים פון „פויגל מילך" — ביז גוט אָנגעבראָכן די ביינער נישט געפעלט.

דער יונגסטער, אויך דער געראָטנסטער, פון אַלע זיינע קינדער איז געווען וועלוול. ווען ער איז עלטער געוואָרן האָט מען אים שוין אַפילו גערופן וואָווע. נאָך אַלס קינד האָט ער אָנגעהויבן אַרויסווייזן גרויסע פעאיקייטן און גאונות. פון די פריסטע יאָרן אָן האָט ער, וועלוול, דעם גרעסטן חשק און אַפּעטיט צו בילדונג אַרויסגעוויזן. און דער צייט, ווען מיט די עלטערע בנים האָט מען אַלע פרימאָרגן באַדאַרפט זיך איינרייסן: די מאַמע, די קעגנוואַרטיקע, מיט קללות, חרמות, דער טאַטע, אונזער גדליה, נעבאָך, האָט דעם לעדערנעם פּאַסעק פון זיינע ברייטע הויזן געמוזט מטריח זיין און מיט

דעם מעשענעם קנאַפּ איבער די גע׳ממזר׳טע צורות אדער הינטנס צו קלאַפּן, דערפאַר וואָס יענע האָבן אין חדר גייז נישט געוואָלט, אָדער צום לערער, — איז ער, וועלוול, איינער אַליין, אומגעבעטע־נערהייט, א סך מאָל אומגעגעסענערהייט, וואָס קיין ערגערס האָט שוין בא גדליה׳ן נישט געקאָנט פּאַסירן, געלאָפן אין חדר, צום לערער און מיט גרוים התמדה געלערנט. דערפאַר האָט אים טאַקע דער פאָטער ליבער געהאַט ווי אַלע איבריקע צוזאַמען, די „וואָויטקעס״, און אים אָפּגעהיט פון אַלע שווערע ארבעטן. „און זאָל ער נאָר כח האָבן צו לערנען״, האָט ער געזאָגט, „וועל איך כאַטש איין לייטיש קינד האָבן. אַלע איבעריקע זענען איין לאַפּעטע ווערט! . .״

שפּעטער־צו, ווען וועלוול איז עלטער געוואָרן, איז ער, דורך גדליה׳ס פּראָטעקציע, צום שטאָטישן אדוואָקאַט פּאַן ———סקי אנגעקומען, אלס שרייבער. און א סך יאָרן האָט ער אַזוי בא אים אָפּגעאַרבעט. מער ארויפאַרבעטן זיך האָט ער דערווייל קיין מעג־לאַכקייט נישט געהאַט. קיין גימנאַזיע איז צו יענער צייט אין דעם שטעטעלע נאָך נישט געווען. ווער עס האָט געוואָלט שטודירן אין א הויכשול האָט געמוזט קיין וואַרשע, אדער אַן אַנדער גרעסע־רער שטאָט פאָרן. און דאָס האָט גדליה נישט געוואָלט. זיין ליב־לינג האָט ער נישט געוואָלט אַוועקלאָזן פון זיך. און אַזוי זענען זיך די יאָרן געפלאָסן. רואיק, שטיל געפלאָסן. גדליה האָט צו קנאַפּע אכציק יאָר אָנגעהויבן אַלט ווערן. מיט איין מאָל האָט ער עפּעס א מידקייט אין אַלע זיינע גלידער דערפילט. און אין דעם זעלבן יאָר איז ער געשטאָרבן, אַן א קרענק: געלייגט זיך און נישט אויפ־געשטאַנען מער.

פינף זין האָט ער איבערגעלאָזט, דריי טעכטער און צוויי לע־בעדיקע ווייבער נאָך, איינע א גע׳גט׳ע, וועלוולס מאַמע, און די צווייטע, אָדער פינפטע — אַן אַלמנה נעבאך (מען דאַרף דאָ געדענ־קען, אַז טראָץ זיין דאַמאַלסדיקן באשלוס, ווען ער האָט שוין נאָכ׳ פערטן געהאַלטן און געזאָגט דעם באַוואוסטן „גענוג״! האָט ער ערשט, גדליה, אין א צייט ארום זיך מישב געווען, אַז עס לוינט זיך כלל נישט אָפּצופינסטערן דאָס לעבן אַליין, א ווייסטער אַלמן זיין,

און האט טאקע נאכאמאל מיט גליק חתונה געהאט מיט'ן פינפטן, א יונגע אלמנה פון קנאפע פערציק).

די צואה — עטלאכע טעג פאר'ן טויט, ווען אלע האבן נאך געמיינט אז גדליה הויבט ערשט אן לעבן, אזוי גוט האט ער אויס־געקוקט — איז געשריבן געווארן פון זיין אייגענעם זון, וועלוועלען, אדער וואווען, אין דער קעגנווארט פון אייניקע עדות, לויט זיין, גדליה'ס, פארלאנג. די עדות האבן דערנאך דערציילט, אז וועלוול האט דערביי מיט אמת'ע טרערן געוויינט. עס האט זיך אים גאר נישט געקאנט פאטופען אין מח, אז זיין פאטער וועט אמאל דארפן שטארבן. אלע קינדער האט גדליה צו גאנץ פיינע חלקים ירושה איינגעטיילט, נאר אים, וואווען, האט ער דעם שענסטן ירושה־חלק איבערגעלאזט: דאס הייזל הינטער'ן שטאט און עטלאכע הונדערט רובל במזמנים, וואס איז צו יענער צייט פאר א היבש פארמעגן פאררעכנט געווען.

נאכ'ן פאטערס טויט, האבן אפילו יענע, די עלטערע קינדער, די „וואויטקעס", עטוואס אונטערגעווארטשעט, מקנא געווען וואַ־ווע'ן, „דעם יונגסטן — מ'גרעסטן חלק". אבער מער ווי שטילער־הייט אונטערברומען האבן זיי נישט געקאנט. עס זענען געווען עדות, ווען די צואה איז געשריבן געווארן, וועלכע האבן באשטע־טיקט, „אז דער פארשטארבענער איז בא'ם דיקטירן די צואה, געווען בא'ם פולן פארשטאנד און האט זיין נאמען דארויף גע' חת'מעט, אז עס איז פארפאלן ווי אין בראד און פטור".

וועלוול האט א ביסל באוויינט דעם פאטער, ווי ס'פאדערט זיך, עטוואס געטרויערט — און פארגעסן. ווי זאגט דאס פאלק: „קיין יונגערס זאל נישט שטארבן". געלט האט ער געהאט איצטער. האט ער זיך א דערלויבניש אויסגעפועלט צו עפענען אן אדוואקאַ־טור־קאנצעלאריע. דאס הייזל הינטער'ן שטאט האט ער פארקויפט צו זיינעם א שוואגער. און אליין האט ער פאר זיך געדונגען דירות אין סאמע שטאטישן צענטר, וואו ער האט געוואוינט צוזאמען מיט דער מוטער. און עס איז אים אוועק נישט שלעכט. אמת, אף אן עפנטלאכן געריכט, אלס אנערקענטער אדוואקאט־פארטיידיקער

האָט מען אים נישט צוגעלאָזט. נאָר אַזוי איז מען צו אים געקומען
עצות פרעגן, ביטעס שרייבן, בריוו לייענען און שרייבן, פאַר וועלכן
מ׳האָט אַלץ געצאָלט

דערנאָך האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פּאָדריאַדטשיקס אַ טאָכ־
טער און געהאַט מיט איר צוויי טעכטער: בראַניאַ און כעלאַ.
ביידע קינדער האָט ער געלאָזט לערנען אידישע און וועלטלאַכע
למודים און בכלל זיי געגעבן אַ פרייע דערציאונג, וואָס האָט טאַקע
איר גוטע ווירקונג אויף די מיידלאַך געהאַט. ביידע האָבן זיי די שטאָ־
טישע שול געענדיקט. די יונגערע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל.

די עלטערע, בראַניאַ, האָט זיך שפּעטער פאַרליבט אין אַן
אָרעמען אַרבעטער, ברוך סאַמעט, און מיט אים חתונה געהאַט.
אנפאַנגס האָבן די עלטערן נישט געוואָלט מסכים זיין צום שידוך.
ס׳האָט זיי נישט צוגעפּאַסט צום יחוס. אַ קלייניקייט: וואָווע ?
„פּאַן אַדוואָקאַט“. נאָר דאָ האָט זיך די יונגערע, כעלאַ, אריינגע־
מישט, וועלכע האָט מער מוט געהאַט פון דער עלטערער און אַ
רייכער צונגל צום רעדן, און האָט זיך איינגעשטעלט פאַר איר
שוועסטער און האָבן אַזוי געמיינזאַם אויסגעקעמפט בא זייערע
עלטערן די צושטימונג.

זי האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין און אויפגעוויזן, אַז קעגן ליי־
בע זאָלן זיי זיך נישט אַנטקעגן שטעלן מיט זייער אַלטגעבאַקענעם
יחוס־שפּיל. און זאָלן זיי, די עלטערן, נאָר נישט פּרובירן אפילו די
קינדערס הערצער מיט די אינוויינוויקסטע געפילן פאַר קליין געלט
פאַרקויפן, פאַר די קופּערנע רענדלאַך, פאַר אַן איינגעטונקטן, נאַ־
רישן כבוד. אַז עס איז היינט גאָר אַן אַנדערע וועלט. נייע ווינטן
טוען בלאָזן, פאַרשטייען זיי. אַז יענע צייטן, ווען עלטערן האָבן
געקאָנט פאַרשאַכערן זייערע קינדער צו וועמען זייער האַרץ האָט
נאָר געגלוסט, זענען שוין לאַנג, לאַנג אוועק. אַ זאַך פון דער פאַר־
גאַנגענהייט, אַ מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער. און זאָלן זיי זיך
דערוועגן דאָס אַלץ צוריק אויפצוגראָבן, די עלטערן“.

האָט טאַקע בראַניאַ, אַ דאַנק דער שוועסטערס מיטהילף,
אירס אויסגעפירט. חתונה געהאַט מיט דעם אָרעמען אַרבעטער,

וואס איז איר געווען צום הארץ. און וואוינט נישט אין דער זעלבער שטאט מיט אירע עלטערן, נאר אין וו... די סבה איז נישט געווען באוואוסט. די אלטע באבע, וועלכע האט נאך ביז איצט א גבורה באוויזן צו לעבן, געפינט זיך איצט צו גאסט בא איר אייניקל בראניא שוין א פאר וואכן. ערשטנס, איז זי אהער אראפגעקומען שעפן לופט, ווייל די לופט אי דא א גוטע. צווייטנס, האט זיך איר גלאט פארוואלט זען איר ערשט-נישט-לאנג-געבוירן אוראייניקל און עם ניאנטשען א קאפיטשקע. די טיפע עלטער רוט שוין אף איר ארום. זי דערזעט שוין שוואך, הערט קוים. אלע איבריקע חושים דינען שלעכט. די טויט-לאפע האט פעסט איר אלטן, קוים-באוועגנדיקן קערפער ארומגעקלאמערט און דריקט, דריקט זי אראפ צו דער ערד, פרעסט...

„מ'רופט שוין", זאגט זי, „מ'דארף זיך גרייטן, קינדערלאך..."

פונקט אין די טעג איז אויך כעלא אלס גאסט צו איר שוועסטער געקומען, וועלכער מיר האבן איצט א באזוך געמאכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

געזעסן זענען מיר דארטן, בא כעלא'ן, א צוויי שעה צייט. און אין משך פון דער צייט, האב איך געפינען אט וואס:

זי איז קלוג. וואס אז אמת: נישט פאר יעדן. ווייניקסטנס, זוכט זי מיט יעדער באזעסענער מעגלאכקייט אף יענעם אזא איינ-דרוק צו מאכן. מיט אלערליי באקאנטע „אומשולדיקע" מיטלען זוכט זי גלייך יענעם צו באאיינפלוסן. איר כונה דערביי איז, גלויב איך, נישט פון דער גרעסטער נויטיקייט צו ווייזן. געוויסע מעלות, אפשר א סך — נישט קוקנדיק מיט א צו-קריטיש אויג, באזיצט זי. וואס זאל עטוואס בארעכטיקן אירע פרעטענזיעס. זי איז פריער פון אלץ — א פרוי. א שיינע פרוי. אן אנציענדע. דערנאך קומט דער מענטש אין איר. וואס ווערט אויך נישט פארשעמט. זי קאן לייענען א ביכל. קאן פארשטיין דאס געלייענטע. קאן זאגן א ווארט וועגן א שרייבער. האט א באגריף אין פאליטיק. און — דאס בעסטע — האט אן אייגענעם מיינונג וועגן זאכן. האט א

טעמפּעראַמענט איז זיך אַ שטאַרקן. און זי איז גאָר קיין שעמעוו־דיקע אויך נישט, ווען זי צורעדט זיך. האַלט זיך פריי און אויסגע־צייכנט. דער איינדרוק פון צניעות'דיקייט, פאַרלוירנקייט, וואָס וואַרפט זיך אַזוי אין די אויגן, באַ'ם ערשטן אָנבליק איר'ן, איז אַן אומבאַדייטנדער, פאַלשער. מאָדנע: פאַרוואָס באַמיט זי זיך דווקא אַזאַ איינדרוק צו שאַפן? דענקט זי, אַז עס פּאַסט איר שענער? ניין, זי איז נישט קיין נאַאיוו, אומבאַהאָלפן מיידל. זי קאָן עס, טראָץ איר ווילן און שלויקייט, נישט באַווייזן, נישט אויספורעמען אף זיך, אויסגיסן. נאָך אַלע שווערע באַמיאונגען האָט זי די מאַסקע אף זיך נישט געקאָנט האַלטן לאַנג. האָט זי דעריבער צו קיין פאַל־שע באַשלוסן נישט געקאָנט אַרויספירן.

איך ווייס נישט פאַרוואָס: איך האָב זי שלעכט געאורטיילט. פון'ם ערשטן אויגנבליק אָן. און לאָמיך דאָ אָפן זאָגן: איך האָב גאָר אַזוי פיל גרונד נישט געהאַט דערפאַר, וועגן איר אַזוי צו דענקען. אַ סך איז געווען צו פאַרדאַנקען די אַנטוישונגען, וואָס איך האָב צו יענער צייט געהאַט אויסצושטיין אף שריט און טריט פון דער אַרומיקער געזעלשאַפט, אַז איך זאָל שוין אף אַלץ קוקן דורך פינסטערע שפּאַקולן, אַז איך זאָל יענעם צוליב דעם קלענסטן חטא די גרעסטע זינד צורעכענען.

און אין דערזעלבער צייט זענען מיינע צוויי פריינט פון איר געווען אַנטציקט און באַגייסטערט. טאַנענשטיין האָט אפילו, נאָך אונזער אַוועקגיין, זיך אָפן מודה געווען, אַז שולדיק אין דעם, פאַרוואָס ער האָט זיך איר גלייך נישט דערקלערט אין ליבע, איז נאָר געווען אונזער פאַרדאַמטע קעגנוואַרטיקייט, שלייף'ס און מיינע.

און זאָל שוין דאָ אויך צו מיין גרויסן כבוד געזאָגט ווערן, אַז אין דער צייט פון אונזער שמועס, האָט זי, כעלאַ, קיין באַזונ־דערע אויפמערקזאַמקייט מיינעביידע פריינט נישט אַרויסגעוויזן, נאָר גאַנץ אָפענערהייט איז דער הויפּט טאָן כסדר געווענדט געווען אין מיר, וואָס דאָס האָט מיך נישט וויניק געוואונדערט. שלייף — אַן אַלטער פריינט, אַ „טייערע זאַך", צו וועלכן זי באַדאַרף „געוויסע

נייגונגען" האָבן. טאַנענשטיין ווידער, אַז אַ גוזמא: דער יונג האָט צווישן אונז דריי געמוזט דעם ערשטן פּרייז קריגן און אַ יונגער פּרוי'ס אויגן אין ערשטן מאָמענט. שוין מיט זיין קערפּערלאַכער שיינקייט אַליין. און חוץ אַלעמען, האָב איך דאָך נאָך די מינדסטע געלעגנהייט נישט געהאַט מיט עפּעס זיך פאַר איר אויסצוצייכענען.

האָט ווער פון אונז אַ וואָסער פראַגע באַרירט, וועגן פאַרשידנס: וועלט־פּראָגן, פּאַרטיי־אינטערעסן, מלחמה־פּאָליטיק, איבער וועלכן אונזער דאַמאַלסטיקע יוגנט האָט אַ היבשן אַנטייל גענומען, אָדער וועגן ליטעראַטור און שרייבער און האַלערס סאָלדאַטן, א. ד. ג. — האָט זי דורכאויס קיינעם נישט געלאָזט רעדן פאַר מיר. ממש געצוואונגען פון מיר אַ מיינונג. איך האָב פּראָטעסטירט. שאַרף. רבונו, איך וויל נישט אַרויסווייזן מיין באַשיידנקייט, אָבער די איבערטריבענע אויפמערקזאַמקייט אירע האָט מיך פּשוט באַליידיקט! ווער ווייסט דען ווי אומאָנגענעם עס איז צו ווערן דער צענטער, דער טאָן־געבער, אין אַ געשפּרעך, ווען דו ווייסט אין דיר, אַז דו האָסט גאָר נישט וואָס צו זאָגן? שרעקלאַך: כמעט אַלע מאָל איז. זי מיט מיר איינשטימיק געווען. גלייך מיט מיר האָט זי געשלאָגן טאַנענשטיינס אַנאַרכיסטישע משוגעת'ן אַף רעכטס און לינקס. אָבער יענער האָט זיך אַזוי שוואַך פאַרטיידיקט, אַז מיך האָט עס גע'חידוש'ט. דער אָרעמער אַנאַרכיסט האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער וואָלט נישט נאָר זיין אַנאַרכיזם אונטערגעשטעלט אונטער אירע קלעפּ, נאָר אַפילו זיין קאָפּ אויך.

איך האָב, דאַכט זיך, דאַמאָלס אויך עפּעס גערעדט, שוואַך, קאַלט, איינגעהאַלטן — אָבער גערעדט. ווי יונג און אומדערפאַרן איך בין דאַמאָלס געווען, האָב איך פונדעסטוועגן פאַרשטאַנען, אַז מ'טאָר קיין באַרוישונג און היצנעריסנקייט נישט אַרויסווייזן. מ'מוז עס אונטער'ן שלייער פון גלייכגילטיקייט האַלטן. איך בין געבליבן רואיק און נאָרמאַל.

איך האָב זי פאַראינטערעסירט. זאָל עס נישט זיין אויסגערעדט, זעלבסט־לויב. ווייל בײַ מיין גאַנצער אָפּענער ערלאַכקייט — איך

ווייס נישט מיט וואָס. אַז אַפילו איך האָב דאָס שוין געקאָנט באַ־מערקן. זי איז צווישן אונז געזעסן און די גאַנצע בלישטשענדע שאַרפקייט אירע אין מיר געצילט.

איך בין געזעסן באַ'ם ראַנד פונ'ם טיש, אין מיין קורצן, אָפּ־געטראָגענעם פּאַלטאָן (די פּאַלטאָנס האָבן מיר נישט אַראָפּגענומען פון זיך, ווייל מיר זענען נישט מער ווי אַף „איינציקע מינוטן" אַריינ־געקומען), דאָס דאַרע גופ'ל אַרומגעוויקלט, די פיס הינטער'ן טיש באַהאַלטן, פאַרשטעלט פון די שאָטנס פון די טיש־פיס, זי זאָל מיינע קלענגלאַכע שיך נישט אַרויסזען, ווייל דאָס געפיל פון בושה איז נאָך נישט טויט אין מיר, די אויסגעריבענע טיילן פון מיינע אַרבל האָב איך מיט'ן איבעריקן טייל קערפּער פאַרדעקט — און בכלל מיין גאַנצער אויסזען דאַמאָלס ! אַ נעבאַכל. אַן אָפּגעצערט, דאַר, פאַרגרינט פּנים'ל, מיט נישט־ראַזירטע יונגע אַרויסשפּראָצונגען און.. ניין ! איך האָב זיך נישט געוואָלט נאַרן. בשום אופן האָב איך אַזאַ הערלאַכקייט נישט געקאָנט געפעלן ווערן. איר געשמאַק באַפרוי־דיקן. אַ נאַרישקייט צו טראַכטן אַפילו וועגן דעם. אַ ריינע לעכער־לאַכקייט. ווי איך היט זיך עס אויס פון אַזעלכע זאַכן ! פון אַזעלכע קראַנקע איינרעדענישן. צו וואָס טאַקע שפּעטן פון זיך אַליין ? און איך בין פּלוצים, אַף איר קוקנדיק, שטאַרק באַ זיך אַראָפּגע־פאַלן. מיין גאַנצן קוראַזש פאַרלוירן, אויפגעגעבן. וואָס, נו טאַקע. האָב איך זיך דאַריבער די מינדסטע אַנשטרענגונג נישט געגעבן באַ איר מיט וואָס נישט איז נושא חן צו זיין.

זי האָט אויך נישט פאַרגעסן צו רעדן מיט מיר וועגן מיין „שרייבן", וואָס דורך שלייף'ן האָט זי עס געוואוסט. און וואָס איך אַליין דענק עס קאָן אַמאָל ווערן דערפון. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיט אַ ביטערן חוזק זיך אויסגעלאַכט דערפון, איר דעם ערגסטן מיינונג וועגן דאַזיקן „מין פּאַטשקען" געגעבן, וואָס איז איבערהויפּט גאָר נישט ווערט. איינפאַך : נול. אַז עבֿרה וועגן דעם צו רעדן אַפילו. אַ פּאָר איבעריקע ווערטער צו פאַרלירן. מעגלאַך גאָר, אַ חלול השם. פיל וויכטיקערע זאַכן פאַראַן. און אַז איך האָב גאָר קיין טאַלאַנט נישט. „אָבער פאַרוואָסזשע שרייב איך פאָרט"? —

איז זי צו מיר צוגעשטאַנען. „אַ, דאָס איז בלויז אַ געוואוינהייט שוין אַזאַ“, האָב איך איר געוואָלט די ציין פאַררעדן, „אַ נאַרישע געוואוינהייט, אַ פּוסטע צייט־פאַרטרייב. מעגלאַך, אפשר, אַ שטיקל משוגעת אויך. ניין, כ׳מיין ס׳איז גאַנץ מעגלאַך, אַז דאָס שטיקל אַרבעט טו איך אָפּ אין איינע פון מיינע „אָנגעכאַפּטע מינוטן“. געוויס, זאָג איך. . .“

מיינע פריינט האָבן אָפּ מיר היבש אָנגעשריגן דערפאַר און מיך פאַר איר אַזוי גוט, קאָן מען זאָגן, ווי. . . פאַרמסרט. „אַז אַלע מאָל איז ער שוין אַזוי. פון גאָרנישט האַלט ער. אַלץ מאַכט ער צו נישט. אפילו זיך אַליין. . . אַ שטיק ביטול אָנצוקוקן. . .“

די ליבע חברים האָבן עס גאַר נישט געקאָנט באַנעמען, אַז אַלץ מיט אַנאַנדער קאָן טויגן אָפּ כפּרות. זיי האָבן איר דאַריבער פאַרזיכערט, אַז טאַלאַנט האָב איך שוין „גראַדע“ יאָ. און „שטאַרקן“ טאַלאַנט. און אַז פון מיר וועט נאָך אַמאָל עפּעס גאָר „הויכעס“ אַרויסוואַקסן — קאָן גאָר קיין צוויי פראַגן נישט זיין. אַז איך טרייב איבער. „ער טרייבט שוין צופיל איבער. אָט זאָגן מיר אים אין ד׳אויגן. „מבינים“ לויבן שטאַרק זיין אופן שרייבן. כמעט אַלע פאַרזיכערן אים אַ גרויסע צוקונפט.“

וואָס אייגנטלאַך מער איז מיר אויסגעקומען צו טאָן זייערע ווילדע שבחים אָפּצושפּעטן, ווי צו צעלאַכן זיך אַזוי הייזעריק אָפּ׳ן קול, וואָס האָט מיר גאָר נישט צוגעפּאַסט ? . .

קאַנטיק, זי איז פון זייער דערקלערונג צופרידענער ווי פון מיינער געווען. זי האָט מיך געפרעגט צי איך האָב עפּעס בא זיך פון מיינע ליטעראַרישע אוצרות, זאָל איך אַזוי גוט זיין און פאַר איר פאָרלייענען. איך האָב איר פאַרזיכערט, אַז כ׳האָב נישט.

איך האָב זיך דער ערשטער אויפגעהויבן און דערקלערט, אַז מ׳דאַרף גיין. ווייל היינט בין איך גראַד באַשעפטיקט. שטאַרק באַשעפטיקט. איך דאַרף אַ פּופּציק מעלדונג־בריוו צווישן די חברים צושיקן פאַר אַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג. און ערשט איצט האָט זי זיך געכאַפּט און מיט גרייסן — געמאַכטן — אינטערעס גענומען אויספרעגן וועגן פאַרטיי ענינים. זי איז ערשט צוגעשטאַנען מיט

באַנייעטע קשיות. איך אָבער האָב געטראַכט, אַז דאָס איז מער לפּנים, ווי אויפריכטיק. פּאַרטיי־פראַגן האָבן בא איר, אַלס עלעמענט פון די „פראַנטיקע,“ באַדאַרפט פאַרנעמען דעם אויבן־אָן. איז וואָס־זשע? זי איז נישט אויפריכטיק. וואָסזשע האָט עס צו מיר? יאָ, מ׳דאַרף, האָב איך געזאָגט, גיין. און מיינע פריינט מוזן נעבאַך מסכים זיין. הער נאָר צו א מעשה: א ברירה האָבן זיי? א רחמנות פּשוט אַף די אָרעמע. א ביטערע רחמ... ס׳שניידט מיר אויס ס׳האַרץ... ווי זיי ווילן נעבאַך נישט אוועקגיין... איך האָב מיין אייגנס א גוואַלטיקן חוש פאַר ווייכהאַרציקייט.

מיר נעמען זיך געזעגענען.

צום לעצט שוין, באַם סאַמע אוועקגיין, האָט זי מיר נאָכאַמאָל די האַנט א דריק געטאָן און מיך אָנגעקוקט אַזוי, אַז מיר איז אַזש קאַלט און היים אין אַלע ביינער געוואָרן. אָבער וואָס טראַכט זי זיך, אַט דאָס שטיקל באַשעפעניש? זי וויל מיך אינגאַנצן צעשרויפן? מיר האָט זיך מיטאָמאָל פאַרוואָלט איר א שטאַרקן דריק טאָן באַ׳ם אַקסל פאַר גרויס... פאַר גרויס... אַזש זי זאָל א געשריי טאָן פאַר ווייטיק.

און ווי זי האָט עס אונז געבעטן נישט צו זיין קיין געסט. פּונקט ווי מיר וואָלטן זיך געקליבן צו באַיקאָטירן זי. גלייך מיר וואָלטן עס איר נישט צוליב געטאָן מיט עטלאָכע ביטעם ווייניקער. „און מיר ווייסן דאָך“, האָט זי אַפּעלירט צו אונזערע געפילן, „ווי זי איז דאָ אַן „איינזאַמע“ כמעט, כאָטש „ווייטע פריינט“ האָט זי גענוג...“ מיך זענען שוין, זעט אויס, די „נאָענטע“. „אַז מען זאָל זי קומען אונ־טערהאַלטן כאָטש אַזוי לאַנג, ווי זי וועט דאָ פאַרבלייבן. זי האָט אויך געהערט, אַז איך קאָן זינגען. נו. וועל איך דען זיין אַזאַ... און זיך מיט איר איינרייסן? א, מיט איר איז גלייכער זיך נישט צו דערטשעפּען. זי וואָרנט מיך פריער...? אהאַ, צי איך קאָן זינגען. ס׳א מין פראַגע. מיך וואונדערט בלויז, וואָס זי ווערט עס ערשט איצט געוואָר. ווער? מיט איר זיך טשעפּען? ניין, געוויס וועט מען קומען. מיך האָבן אירע בקשות אָנגעהויבן רירן און אירע חן גריבלאַך האָבן זיך באַוועגט.

# V

פאַר מיר האָבן זיך אָנגעהויבן זייער גוטע צייטן, אַף וועלכע איך האָב זיך נישט געטאָרט באַקלאָגן. עס איז אָנגעקומען דער בלייענער חודש יולי און מיט אים די געדיכטע הייסקייט און שטיקעניש. אַז אויפהער האָט עס געגליט, געסמאַליעט און אָטעמס פאַרכאַפּט. די זון איז פון באַגינען ביז שפּעט פאַרנאַכט אַף אירע העכסטע הימלישע הויכקייטן געזעסן און האָט הייסע כוואַליעס, גאַנצע בונטן, זידיקע שטראַלן אַף דער ערדס קאָפּ געגאָסן. אַף דער אַלטער באַשיידענער מאַמען, דער באַשאַפערין און ארויסברענגערין פון אַלץ און פון גאָרנישט. אַף וועמעס חשבון מען בויעט און מען ברעכט. מען רויבט, מען גזל'ט איינער באַ'ם צווייטן אין גוטן און אין שלעכטן וועג. מ'רייסט זיך. מ'שניידט ביז'ן בלוט אריין מיט שאַרפע נעגל. מ'בייסט מיט וועלפישע ציינער פאַר אַן איינגערעדטן גאָרנישט.

אַרבעט האָב איך געהאַט ווייניק און אויך דאָס האָב איך פאַר־נאַכלעסיקט. די באַוועגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ סך חברים האָט מען אין די פראָנטן אַוועקגענומען צו שלאָגן זיך פאַר עפּעס אַ זאַך. אַ סך זענען ערגעץ־וואו אויסבאַהאַלטן געווען. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַבלאַוועס איבער'ן גאַנצן לאַנד. איבערהויפּט איז שווער געוואָרן די צייט פאַר פרעמדע, צוגערייזטע יונגע לייט פון די פּרי־זיוור־יאָרן (אין דער באַרימטער צייט פון אויסבאַהאַלטן זיך, זענען די מיליטער־אָנגעהעריקע יונגע לייט זיך צעלאָפן פון די היימען ארויס אין די פרעמדע שטעט און שטעטלאַך אריין, וואו זיי האָבן מער־ווייניק זיכערער געקאָנט ארומגיין אַף געפעלשטע פּאַספּאָרטן און נעמען). די פּאָליציי האָט שטרענגע באַפעלן ארויסגעקראָגן —

אַנצונעמען ענערגישע מיטלען און אַלע לאַנד דעזערטירן מיט'ן וואָרצל אויסצוראטן. און די ערשטע האָבן זיך טאַקע צו דער אַרבעט גענומען מיט'ן גאַנצן פּאַטריאָטישן ברען און פלייס: מ'האָט באַוואַכט הייזער, אַרומגעצוימט גאַסן — און אין יעדן הויז האָט מען געזוכט, גענישטערט, איבערגעדרייט אַלץ קאַפּויר. און צו זייער כבוד זאָל דאָ שוין געזאָגט ווערן, אַז זיי, די פּוילישע פּאָליציי־לייט, האָבן פּשוט געאַרבעט מעשים, ריינע וואונדער באַוויזן — קונסט. איינפאַכע קונסט און בריה'שקייט. מערקווירדיג די לאַגע: וואָס מער זיי האָבן געכאַפּט, מער האָט זיי געפעלט פון אונטער די הענט אַפּיר. וואָס מער זיי האָבן געפונען, מער איז זיי גלייך פאַרלוירן געגאַנגען, אונטער דער שטרענגער, דראָענדיקער שטראָף פון טויט. מ'האָט זיי אויסגעפייפט — די מעשענע קנעפּ מיט פּאַרזשאַווערטע מחות! ווי אויסגעפייפט אַ קלאַג צום פּנים. אַ ווייטיק אין האַרץ געווען: מ'איז געווען געבונדען, הילפלאָז... הינטער זייערע פּלייצעס האָט מען זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן — ווי מיאוס... ווי העסלאַך... ווי שמערצלאַך און אומאַנגענעם דאָס איז... איך דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן. איך מוז זיך אויסבאַהאַלטן — איך האָב געזינדיקט. אַ קלייניקייט אַ פאַרברעך איך בין עס באַגאַנגען! איך בין דאָך אַ פאַררעטער פון מיין פּאַטערלאַנד! איך בין דאָך חייב מיתה. מיר קומט טויט־שטראָף דורך אַ גערעכטן, קולטורעלן משפט אין דער הויכגעשטעלטער ציוויליזירטער וועלט־אָרדנונג אין דעם צוואַנציקסטן יאַרהונדערט! מיר קומט צו הענגען, אָדער שיסן דערפאַר, ווייל איך וויל נישט גיין הרגענען מיין פּאַטערלאַנדס שונא, דעם אַרעמען, עלנדן, לויזיקן רויטן סאָלדאַט! מיר קומט טויט־שטראָף שוין דערפאַר אַליין, ווייל איך האָב די פאַרדאַמטע עזה צו פרעגן און וויסן פאַרוואָס איך גיי! „פּאַטערלאַנד“, איז דער איינציקער לאָזונג. העי, מיין פּאַטערלאַנד מיט די העלדישע זין קעגן געבונדענע שעפּסן! אַ בייזע גבורה עס שטעקט אין מענטשן... איך פינסטערע פּאַגראָמען־מאַכער! כ'זידל זיך. ס'פּאַסט דען? וואָסזשע טאָן, אַז ס'ברענט? אַז מען קאָן זיך מיט זיי עפּנטלאַך מיט די כחות נישט פאַרמעסטן? קומט אַנדערש נישט

אוים, נאר א יישר כח זיי זאגן פאר דעם אלעם, וואס זיי האבן מיר און מיינע נאענטע אנגעטאן און טוען נאך אן ? — א הארציקן יישר כח אייך דערפאר ! איר האט אייזערנע באקן־ציינער — בייסט ! איר האט מאכט, געזונטע לאפעס — ברעכט די ביינער ! ס׳א מצוה. דאס איז דאך די היינטיקע וועלט־מאראל. כאפטושע איצטער אריין אייער חלק. ווען נישט, וועלן קומען אנדערע, גרע־סערע גבורים פון אייך, און אייך צעקאטעווען, אז דער רוח וועט אייך דאכט זיך צונעמען ! געהערט א מין פרייהייט ? פאטריא־טישע דעמאקראטיע. זיי רופן הילף צו דער הייליקער ארבעט. מען איז פאררעטעריש געשטימט, אז מען שטייט פון וויטן. מ׳באַ־צאלט דערפאר מיט לעבנס. מיט יונגע, אומשולדיקע לעבנס. שאנד און שפאט ! ווי אומפארשעמט : העלף, ברודערל, איצטער! העלף, זעסט דען נישט ווי מיר האלטן ? מען דארף דאך אזוי נוי־טיק דיין פלייש אין טאפ אריין, ברודערל ! און מ׳עט דאך דיר שפעטער אפצאלן, ווייסט עס דען נישט ? מ׳באצאלט דאך דיר איצטער אויך אפ, ברודערל ! אף דער האנט, ברודערל ! מיט א רוח, ברודערל !...

יא, איך האב טאקע געוואוסט דעם לוין זייערן. דאך וואלט איך געוען געגאנגען. אומעטום געווען געגאנגען וואוהין זיי האט זיך אזוי הארציק פארוואלט מיך שיקן. ווייל אפשר איז נאך דער תירוץ אליין, וואס כ׳בין נישט געווען איינשטימיק מיט מיין מלוכה. מיט אירע רויבערישע צילן, פארכאפערישע פלענער, נישט גענוג געווען, זענען געווען נאך שטארקערע אורזאכן וואס האבן מיך צוריקגעהאלטן. צוליב מיינע נאענטסטע און טייערע, וועלכע וואלטן מיין „גיין" נישט איבערגעטראגן. איך וויל זיך דא נישט ריינוואַ־שן און מיט אן אנדערנס וויכן געפיל מיין שולד אפווישן. איך וויל זיך נישט אויספיינען פאר קיינעם, ווייל איך האב גאר נישט בדעה צו גלויבן, אז איך בין דא וועלכן פארברעך באגאנגען, הגם דע־זערטירן איז זייער אן עקלהאפטער שפיל, אבער ווען איך האב עס אנגענומען, איז׳ס געווען אף מיין אייגענער פולער פאראנטווארט־לאַכקייט.

דאָס ביסל געלט, וואָס איך האָב נאָך מיט א קורצער צייט צו־ריק פאַרמאָגט, איז מיר, בא מיין גאַנצער קאַרגשאַפט און איינ־שפּאָרעניש, שוין לאַנג געהאַט אויסגעגאַנגען. און עס איז טאַקע געווען גאָר נשקשה'דיק ביטער. היבש ליידיקלאַך אָפּ'ן מאָגן. טרו־קענע, אויסגערייניקטע לונגען — ווי דאָקטוירים הייסן. און איך מיין, אַז דאָס איז גאָר נישט געווען אזוי שלעכט פון מיין זייט אָפּ־געארבעט:

ליגן אין אזעלכע שווערע זומער־טעג איינער אליין איז א פּאַר־קלאַפּטער שטוב — א פעלד און אַנקוקן זיך מיט אזוינע ריזיקע, פאַרביסן־שווייגנדיקע מויערן, מיט דער גאַנצער אמה'דיקער שטומ־קייט ארום. די פּוסטקייט — א גרויל. אָרעם. פאַרלאָזט. מיד. צעבראָכן. הונגעריק — ביז צום קראַפּירן. און ערגער פון אַלץ ערשט—די מורא. ס'האַלט אין איין עגבערן: מ'כאַפּט מיך. אָט כאַפּט מען דאָך מיך — אָט דאָס האָט פּשוט מיין מח דורכגע־בויערט. און ווען מ'וויל צוריקרעדן, איז'ס נישט א ווילדע משוגעת פון מיין זייט געווען אָטאָ די גאַנצע נידריק־אינסטינקטיווע מורא? וואָס אייגנטלאַך האָט דאָס „כאַפּן" מיך באַדאַרפט אזוי שרעקן? וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, האָב איך דען געהאַט צו פאַרלירן? אזא אומדערטרעגלאַך לעבן... אַלאָ, מיינע עלטערן? נו ווען גייען זיי דען אָן? אָ, ווי שטאַרק זיי זענען מיר יאָ אָנגעגאַנגען. יאָ, איך ליבע, נאָר די ערינער׳ונג אין אייד, מיינע אַלטע קראַנקע טאַטע־מאַמע, האָט מיך פון איבערגעבן זיך אין דער „גערעכטיקייטס" הענט אריין אָפּגעהאַלטן. נאָך איינמאָל כאָטש האָט זיך געוואָלט זיי זעען. מיין איינציקע שוועסטער... מיינע עלטערע ברידער... און מיט מיין „צושטעלן זיך" וואָלט דאָס אַלץ געווען אוועק. די גאַנצע קראַנקע, פאַרצווייפלטע האָפנונג. פאַר מיר? ניין, נישט פאַר מיר האָב איך אזוי מויזן מעסיק זיך אויסבאַהאַלטן. עס איז נישט אין מיין נאַטור, אין מיין בלוט...

דערצו בין איך נאָך מיט גוטע מעלות געבענשט. פאַר אַלדי צרות, האָב איך דען געמוזט אזוי פיל ליידן? האָט מיר מיין לאַגע אין א גרויסער מאָס נישט געקאָנט בעסער זיין, ווען נישט מיין

איינגעוואַרצלטע, פון קינדווייז אויף, עקשנות'דיקע שטאָלצ־קייט? וויפיל נאָענטע פריינט האָבן מיר זייער הילף אָנגעבאָטן און מיט פאַרגעניגן מיט קליינינקייטן מיר געוואָלט ארויסהעלפן, כאָטש קיין אמת'ן באַגריף וועגן מיין לאַגע האָט קיין איינציקער פון זיי נישט געהאַט, אפילו מיינע גאָר אינטימסטע נישט, נו. האָב איך זיי דען נישט אלע פון מיר פאַריאָגט? אלע! ס'טייטש, זיי האָבן דאָך מיין כבוד באַליידיקט. געלעסטערט אין מיינע שטאָלצע איינגעבוירענע געפילן. העי, מיין הויכגעשטעלטער כבוד איז באַ־רירט געוואָרן!...

די טעג זענען באַ מיר דורך כמעט אַף אַזא אופן: ווי געזאָגט, בין איך געזעסן פאַרהאַקטערהייט אין מיין פּאַלאַץ און אַן אַ פינגער־הוט מיינע בלאַגעפאַרבטע, אַמאָל ווייסלייוונטע, הויזן פאַרריכט, מיט ווייסן פאָדים, וואָס א חבר האָט מיר פון זיין היים געברענגט און וואָס איך בין דערנאָך מיט שוואַרצער טינט איבערגעגאַנגען, ס'זאָל פּאַסטן צום קאָליר פון מיינע הויזן — און די קאָמבינאַציע זאָל זיין פאַרפולט. מיינע שיך זענען, א דאַנק דער האַרטער זעל־נערישער לעדער און דערנאָך מיין שטוב־זיצן צו פאַרדאַנקן, גאַנץ געווען. יאָ, זייער גאַנץ זענען זיי געווען, אַז כ'הויב שוין באַלד נישט אַן וויסן, וואָס ס'הייסט צעריסן.

פון די אלע אויסגערעכנטע ליידן, איז דאָס ערגסטע, נודנעסטע אפשר געווען די פאַרלאָזנקייט פון מיין קערפּער. גוטער פריינט מיינער, עס איז דאָך שווער געווען איבערצוטראָגן דעם איבל, וואָס איך האָב צו זיך אַליין געפילט! דער ברוך, דער אומפלא האָט מיך געמוטשעט און געשלאָגן צום האַרץ. עס האָט מיך אַליין אָפּגע־עקלט, ווען איך האָב זיך גוט אָנגעשפּיגלט. און געשפּיגלט האָב איך זיך אויך אַף א מאָדנעם שטייגער. אומזיסטיקע יסורים. עס איז גראַד פאַרגעסן געוואָרן אריינצושטעלן א שפּיגל אין מיין וואוינונג אריין. מען האָט זיך מסתמא נישט געריכט אַף מיר.

אזוי האָב איך עס געמאַכט:

אויפגעעפנט א האַלב פענסטער צו זיך, אין שטוב אריין, האָב איך אַף דער לינקער זייט פון דעם איינעם פענסטער טאָקע, צו

דער וואַנט צו, מיין פּאַלטאָן אויפגעהאַנגען, האָט עס, אַף אַזאַ אופן די צווייטע זייט, די רעכטע, שוואַרץ און שפּיגל־מעסיק געמאַכט.

כמעט אַלע פאַרנאַכט, ווען ס׳איז ווייניקער געפערלאַך געווען צו גיין אין גאַס, פלעגן עטלאַכע פון מיינע איבערגעבנסטע פריינט, צווישן זיי אויך טאַנענשטיין, — שלייף האָט צוליב געוויסע טעמים געמוזט אַוועק — צו מיר אַרויפגעקומען העלפן מיר איבערשוואַרצן דאָס שטיקל וועג, וואָס האָט געפירט צו די סאַמעטס און מיך שלעפּן אַהין, צו כעלאַ׳ן, וועלכע איז שוין דאָ די פערטע וואָך און האַלט אין רעכנונג „די טעג״ א היים צו פאָרן.

איך האָב געזאָגט: די פריינט פלעגן צו מיר קומען און „שלעפּן״ מיך צו די סאַמעטס, אָדער צי כעלאַ׳ן. אָבער גאָטס קלוג־שאַפט איז גרויס, איך וויל אָבער נישט, אַז עמיצער זאָל מאַכן אַ טעות און טאַקע מיינען, אַז מ׳האָט מיך געשלעפּט. בעסער קאָן מען שוין זאָגן, כ׳בין אַליין געגאַנגען. נאָך איינפאַכער: געלאָפן בין איך. אַלץ איינגעשטעלט. דעם פאַרשוין מיינעם, מיינע עלטערנס זון, מיין גאַנץ פאַרביטערט, אָנגעווייטיקט לעבן האָב איך איינ־געשטעלט, צוליב... נו, צוליב וואָס? כעלאַ? אַ משוגעת! און אפשר טאַקע נישט קיין משוגעת? ווער קאָן וויסען? דער טייוול קאָן עס וויסן!..

פון דער גאַנצער צייט, זינט זי געפינט זיך דאָ, בא דער שוועסטער, האָב איך נאָך קיין דריי נעכט נישט פאַרפעלט צו זיין דאָרטן, טראָץ די אַלע סכנות, וואָס מיר איז דערביי פאָרגעשטאַנען. די סבה? יאָ, וועלנדיק בלייבן ערלאַך: ס׳איז געווען זי, כעלאַ. איך אַליין בין געווען פולשטענדיק איבערצייגט אין דעם. שטילער־הייט, אין זיך, טיף, האָב איך אויפריכטיק צוגעגעבן, אַז זי האָט מיך פאַלקאָם באַהערשט, כאָטש אַן דעם וויסן פון די אַרומיקע און, זיכער, אויך אָן דעם וויסן פון איר אַליין. זי האָט עס, אַזוי גוט ווי אַלע, אַ דאַנק מיין פיינלאַכער איינגעהאַלטנקייט און מאַסקירן זיך, וואָס האָט מיך גענוג געזונט געקאָסט, באין אופן נישט געקאָנט דערגיין. דאָס איז מיין טיפסטער גלויבן געווען און אויך דער ריכ־טיקער. פאַרוואָס האָב איך זיך פאַרשטעלט? איך האָב געמוזט.

כדי אַנצוהאַלטן די מענטשלאַכע ווירדע בלויז. עס איז געווען דער־
פאַר, ווייל איך בין געווען ערלאַך צו זיך. ווייל איך האָב פון זיך,
אין דעם פּרט, פון געפעלן ווערן א שיינער, פּראַקטיקער, פּרעטענזיער
פרוי, גאַר נישט געהאַלטן. האָב איך דאַריבער פאַר איבעריק גע־
האַלטן זיך אויסצוגעבן, דערמיט זיך לעבערלאַך צו מאַכן. האָב איך
איר די גוטע געלעגנהייט נישט געוואָלט געבן צו שפּילן זיך מיט
מיינע געפילן, צו רייצן זיך, גלייך ווי זי האָט געטאָן מיט אַנדערע
פון אונז.

אָבער גיין האָב איך געמוזט. הערן זי, כעלאָ'ן, רעדן. ערנסט
און ביטרע זיך פאַרשטעלן. מאַכן נאַאיווע מיידלישע חנ'דאַלאַך,
רחמנות'דיקע, אומשולדיקע שמייכעלאַך. פאַרשעמט זיך רויטלען
פון א חבר'ס אַן אומגעלונגענעם וויץ. און האָט זיך איר גאָר
פאַרגלוסט — האָט זי א נייע ראָל אויף זיך גענומען. איז זי גע־
וואָרן „נאַטירלאַך". גראָב און ציניש מיט אירע אויסדרוקן. א
העל־גלאַנציק פייערל האָט זיך אין אירע אויגן אָנגעצונדן, ווען
חברה האָט, מיט איר דערלויבעניש, ביליקע וויצן דערציילט, וואול־
גאַרע גלייכווערטלאַך גענוצט. א גדולה האָט איר ממש געטראָפן.
זי איז געשפּרונגען פון דער הויט ארויס פון הנאה. אָבער אויך
אין אַזעלכע מאָמענטן, הגם איך בין געווען שרעקלאַך בייז אויף
איר, האָב איך זי באַוואונדערט, כאָטש זי איז טיילמאָל דערגאַנ־
גען ביז צו קינדישער גרעניצלאָזיקייט.

זי האָט געברענט א וועלט. האָט געבילדעט א קרייז ארום
זיך און געאַרבעט אויף אַלע כלים. אַלעמען האָט זי געוואָלט געפעלן
ווערן, פאַנגען, אַלע זאָלן אונטער אירע פליגל ארונטער. זי האָט
געוואָלט מאַכט. הערשן. זי האָט געוואָלט זיין גרויסמוטיק אין
איר גדולה. זי זאָל מיר א טובה טאָן אין איר גרויסקייט צו האָבן
מיט מיר צו טאָן. און ווען מען נעמט אין באַטראַכט ווי יונג זי
איז נאָך געווען! . .

אָבער איך האָב דאָך א ראָלע געשפּילט — דאָס איז געווען
מיין טרייסט. עס איז געווען קלאָר: זי האָט געגאַרט מיין אויפ־
מערקזאַמקייט, מער ווי וועלכן עס איז אַנדערנס פון אונזער

גרופּע. אמת טאַקע, נישט פאַר מיינע אייגענע פּראָפיטן, ווי איך האָב עס אַליין געדרונגען. די לאַסקעס און צערטלאַכקייטן, וואָס זי האָט מיר אָפּטמאָל אַרויסגעוויזן, הייליקער בודא! זיי וואָלטן דאָך איינעם פון אונזער דאמאָלסדיקן קרייז משוגע פאַר שמחה געמאַכט, און ווען זי האָט געזען, אַז דאָס נעמט נישט, אַז איך פאַרשטיי איר צוועק, האָט זי זיך, אלס פאַרדרוס, אַ נייע טעאָריע איינגעשאַפט. זי האָט זיך גענומען מיט מיר אָפּן רייצן. אויס־לאַכן. וואָס איך האָב געזאָגט, איז „נישט געווען צו דער זאַך". האָב איך געשוויגן, בין איך געווען „אַן אַנגעבלאָזע־נער". און ענלאַכס. זי האָט מיך ווי אַן אמת'ן שונא גע־נומען באַקעמפן. אַלע קרעפטן קאָנצענטרירט אף מיין פּראָנט. האָט זי אַלע כלי זין אויסגענוצט. אַמאָל האָט זי אַ גאַנצן אוונט צו מיר קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, וואָס דאָס האָט געקאָנט מיינען אַ וואונק איך זאָל מער נישט קומען. אָבער זי האָט עס נישט געוואָלט. און איך האָב עס געוואוסט. באַ'ם אוועקגיין האָט זי שטענדיק „פאַרבעסערט". אַמאָל איז זי גאָר פּלוצים „היימיש" געוואָרן מיט די אַנדערע חברים, מיט וועלכע זי האָט קיינמאָל קיין ערנסט וואָרט נישט געוואָלט אַרויס־רעדן. אירע האַלב־זייטיקע, נישט גאָר פּאָרזיכטיקע בליקן אין מיין זייט אַריין, האָבן זי אויסגעגעבן, פאַר'מסרט. זי האָט גע־וואָלט אין מיר אייפערזיכטיקע געפילן אַרויסרופן. אָבער עס האָט נישט אַרויסגערופן. איך האָב דאָך אָפּגעשאַצט דעם שפּיל און געזען ווי קליין ער איז.

איך האָב נישט נאָכגעגעבן. איך בין געבליבן פעסט, אויס־געהאַלטן און שטאַליק־האַרט. די ווייכע אָנגעגריפנקייט, סענטי־מענטאַלע נאָכגיביקייט האָט צו מיר קיין שליטה נישט געהאַט. איך האָב געפּרופט לייענען אירע פאַרבאָרגענע כונות, פאַרשן זי און געקומען צום אויספיר: זי האָט מיך נישט ליב געהאַט. קיין ברעקל נישט. פּשוט נישט געווען ווען. אַ פאַרזעעניש, רחמנא לצלן. קיין פּיצל סימפּאַטיע אָדער „אַכטונג", ווי מ'רופט עס, האָט זי צו מיר נישט געפילט, נישט געקאָנט פילן. מיין שטאָלץ האָט

זי געהאסט און אים בויגן געוואלט. מיינע אפענע באמערקונגען, פיל מאל, קעגן אירע אויפפירונגען, קאקעטישע דריידלאך אפ'ן קאריק, בנוגע אנדערע, האבן זי בייז געמאכט און דערנידעריקט.. ווייל זי איז עס נישט געוואוינט געווען צו הערן. בפרט נאך אפן, פאר אלעמען. מילא, זי — נו, זי מעג. זי איז געבוירן און דער־צויגן געווארן מיט א דעספאטיזם און איינגעגלויבטקייט אין זיך. און דאס געפיל אין איר איז נאך פארשטארקט געווארן דערמיט, ווייל אף יעדן טריט איז איר אויסגעקומען צו הערן די שרייענ־דיקסטע לויב־ווערטער אף זיך. דאריבער האבן מיינע ווערטער אזוי געווירקט צום שלעכטן אף איר.

ווען דאס טרעפט מיך אין א נארמאלער צייט, אין נארמאלע אומשטענדן, קום איך זיכער נישט אהער. וואלט עס געמעגט ווי שווער זיין פאר מיר זיך ארויסרייסן. ווייל צייטנווייז איז'ס פשוט דערגאנגען אזוי ווייט, אז איך האב איינפאך קיין פלאץ דא נישט געהאט. עס איז געווען אן אוממעגלאכקייט פאר אונז ביידע צו זיין צוזאמען. און דא נאך אזוי אפט. איך האב זיך פון דעם פארגעניגן נישט געקאנט אפזאגן. ווייל יענע נעכט זענען, אין א געוויסן זין, די ליכטיקסטע אין מיין דאמאלסדיקן לעבן געווען. דארט, בא די סאמעטס, האב איך אין טייל מאמענטן מיין אומ־דערבארעמדיקע ווירקלאכקייט פארגעסן. דארט האב איך, אין די מינוטן פון עקסטאז און בארוישונג, פון פייערלאכן געזאנג און הארמאנישע קלאנגען, מיינע פינסטערע געדאנקען פון מיין קראנקן מח פארטריבן. די גאנצע פיינלאכע שטימונג פאריאגט. די שטילע, פארצווייפלטע, שווארצע מרה שחורה.

יונגוואַרג איז זיך צוזאמענגעקומען. פארזאמלט זיך „אומ־לעגאל“. „כשר'ע“ און „טרפה'נע“. זיבעצן־אכצן־יאריקע חיב מיתה־ניקעס. „צייטיקע“ שוין. די יוגנט. א פלאמיקע. א ברענענדיקע. פול מוט און פייער און גלי. מיט בלישטשעדיקע פונקען פון אויפוואכונג. גאר נישט קאנטיק געווען אף זיי דער שטעמפל פון דעזערטירן. לידער האט מען געזינגען.. פרייע קווארטעטן. יעדער לויט זיין קול, לויט זיין נייגונג און טאלאנט. יעדער אף זיין בלי,

אַף וועלכער ער האָט פּרעטענדירט: לאָקשן־ברעט־וואַלגער־האַלץ, פּידל, גיטאַרע, בעזים, מאַנדאַלין, גלאָז־און־לעפל, באַלאַלייקע, א. א. וו. שטימען זענען אויך געווען איינגעטיילט לויט דער אָר־דנונג: קוויטש־סאָפּראַנאָ, באַריטאָן־קוועטש, לויזע־אייער טענאָר, ברוסטיקע קאָנטר־אַלטאָ, א. א. וו. און געטאַנצט האָט מען אפילו. פּאָלקע, קאַזאַק, מאַטראָס, שער און וואַלץ און אַנדערע. דיסקוטירט האָט מען. געהאָפּט. געוואַרט. פעסטער גלויבן אין יונגע הערצער. פאַר אַ נייער אָרדנונג, פאַר אַ פרייער צוקונפט, אַ גליקליכערע, אַ ליכטיקע, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, דער רוח זאָל עס כאַפּן. פאַר איין סאָלידאַרישן, איינהייטלאַכן צוזאַמענלעבן, מיט ווייניקער ראָסט און שטויב ווי די היינטיקע געזעלשאַפט איז איינגעטונקען ממש דורכגעווייקט...

מען האָט זיך אַמוזירט.

די פאַמיליע סאַמעט האָט מיך אַף איר באַזונדער פריינטלאַכן שטייגער אויפגענומען. זייער אָפט מיר אפילו עפּעס צום צובייסן דערלאַנגט, וואָס איך האָב שיעור נישט מיט מיינע אויגנגלאָצערס איינגעשלונגען און פון וועלכן איך האָב זיך אָבער, צוליב מיין „איי־דעאַלער“ בושה פריער פון יעדערן זיך אָפּגעזאָגט אונטער דעם שטענדיק געלונגענעם אויסרייד: „אַ דאַנק, ס׳ווילט זיך (!!!) נישט... ערשט אָפּגעגעסן...“ שטענדיק בין איך געווען אָפּגעגעסן. מ׳פאַרשטייט דאָס? אַ מענטש האָט אַזש בויך־קרעמפּן פון הונגער, באַזיצט ער נאָך דעם נאַרישן מוט אָפּצוזאָגן זיך פון אַ שטיקל כיבוד בא פריינטלאַכע מענטשן, וועלכע זענען אפשר גאָר נישט חושד. אָבער אָפּגעזאָגט מיט אַ שאַרפן טאָן. אָט דאָס הייסט אַ שטאָלצער מענטש. גיכער פון אַלץ — אַ קלוגער מענטש. הונגער־זשע, דו גרויסער חכם, און זיי משוגע נאָך מער ווי דו ביזט! אַ סברה, אַז משיח וואָלט דערפאַר געקומען...

בראָניאַ, כעלאַ׳ס שוועסטער, איז צו מיר גאָר צוגעלאָזט געווען. זי האָט מיך שוין כמעט ווי פאַר אַ שטיקעל אייגענעם פאַררעכנט. קאָנענדיק גוט איר יונגערע שוועסטער און זעענדיק יענערס מי מיין אויפמערקזאַמקייט צו געווינען, האָט זי, בראָניאַ, מיט איר איינפאַכן

ניש געקונציקטן שכל, נישט אַנדערש גערעכנט, נאָר אז כעלאַ מיינט מיך ערנסט. אלאַ, ס'איז דאָך גאַנץ ווייט פון צו זיין א פּאָר, איך מיט כעלאַ'ן — מילאַ, דאָס איז גאָרנישט. כעלאַ'ס געשמאַק וועט שוין קיין שלעכטן אויסוואַל נישט מאכן. און איך? דאָס, פארשטייט זיך, איז א קלייניקייט. גענוג, אז זי וויל. און אין מיין אָרעמקייט האָט זי געוויס קיין שטערונג נישט געזען. האָט זי דאָך אליין חתונה געהאַט מיט אן אָרעמען ארבעטער.

דערמאָנענדיק איך מאַן, „פּאַניע סאַמעט", ווי אייניקע פון מיינע חצפּה'דיקסטע חברים האָבען אים אָנגערופן, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן. א מאָדנער געווען. איינער פון יענע טיפּן, וואָס זעען אַלץ, באַמערקן, פארשטייען א סך — און שווייגן. אן ארבעטער גע־ווען. אַ שטילער· און ערלאַכער. אַ געפאַלענער באַ זיך, כאָטש ער האָט קיינמאָל באַ קיינעם גאָר נישט צוגענומען. קיינעם נישט באַ'עולה'ט. קיינמאָל האָט ער זיך אין אונזערע „הויכע שמועסן" נישט אריינ־געמישט. מכח דער וועלט־איבערבויאונג. אַף וואָס פאר אן אופן. טיפע גערדאַנקען זענען דערביי ארויסגעלאָזט געוואָרן. שווערע פיער־פינף־גאָרנדיקע ווערטער זענען געפאַלן. מ'האָט דערביי גע־ברענגט די נויטיקסטע פאקטן פון טעארעטישע באגרינדונגען און פראקטישע אויפטועכצן. מ'האָט געקאָנט זען, אז דער מענטש, סאַמעט, באַציט זיך צו אַט די שמועסן מיט א גוואלדיקן אינטערעס און דרך ארץ. אז דער מענטש וואָלט אויך וועלן אמאָל עפּעס זאָגן. אז ער האָט וואָס צו זאָגן. ער האָט אָבער שטענדיק געשוויגן. נישט געטרויעט זיך אליין. אלע מאָל אין א זייט זיך געהאלטן. א הויכער, גלייכער, שיינער. געקומען פון דער ארבעט, אָפּגעוואַשן זיך, אָפּגע־געסן די אָרעמע וועטשערע און אוועקגעזעצט זיך אַף א ברעג פון דער קאַנאַפּע, ווי א פרעמדער, און זיך איינגעהערט.

ווי איך האָב געקאָנט דרינגען, איז ער, דאכט זיך, געווען צופרידן פון אונזער קומען אהער, הגם נישט יעדערן פון אונז האָט ער געקאָנט פארטראָגן. מיר איז שפּעטער־צו אויסגעקומען נעענטער מיט אים זיך צו באקאנען און אן ענגערע פריינטשאַפט שליסן. און

עס האָט זיך געלוינט. ווייל נישט געקוקט אף דעם היפּוך פון די יאָרן, האָט ער דאָך געמאַכט אַן אויסגעצייכנט־גוטן, האַרציקן חבר.

איך האָב אויך זיין צוטרוי געווינען. ער האָט זיך פאַר מיר פיל מאָל דאָס האַרץ אויסגערעדט. זיך באַקלאָגט, אַז מענטשן קריוודען אים, האַלטן אים פאַר אַ נאַר, מחמת זיין שטענדיקן שווייגן. ער ווייסט עס. אָבער וואָס קאָן ער דען העלפן? שוין אַ טבע בא אים אזא. ער האָט מיט מיר ווענן כּלה'ן גערעדט. ער האָט אפילו איר באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו מיר באַמערקט. ער האָט געהאַלטן, אַז איך בין אַ גליקלאַכער דערמיט. און ער האָט זי אויך געלויבט. אַ מיידל — אַ זעלטנקייט. מ'דאַרף זי קאָנען. מ'דאַרף זי פאַרשטיין. זי ווייזט זיך טאָקע זעלטן אין איר אמתן געשטאַלט, דערפאַר קאָן זי אַרויפצווינגען שלעכטע מיינונגען ווענן זיך. פאַרוואָס זי נוצט אזא טאַקטיק, איז אים אַליין כמעט אומפאַרשטענדלאַך. ער מיט בראַניאַ'ן האָבן וויפיל מאָל מיט איר צו טאָן דערפאַר. זי ענטפערט זיי מיט אַ געלעכטער, אַז אַזוי ווי ס'איז אינטערעסאַנט אַלע מאָל אַ ניי מלבוש אָנצוטאָן, אַזוי איז גוט און אַמוזאַנט אַלע מאָל אַן אַנדערע ראָל צו נעמען. תמיד זיצען אין דעם אייגענעם, איינגעשלאָסענעם איך? ס'ווערט דאָך נודנע, דערעסן. דאַרף מען אַרויס, באַנייען זיך, אָפּפרישן. אַזוי ענטפערט זי און גיט צו: „עס טוט מיר לייד, אָבער איר וועט עס נישט פאַרשטיין"! אָבער אין דער ווירקלאַכקייט, איז זי בעסער ווי זי שטעלט זיך אַרויס. און ער קאָן דאָך זי אַזוי גוט. בעסער, מעג ער זאָגן, ווי איר אייגענע מוטער. אַז זי איז אינגאַנצן אַן ערלאַכע זאַך. דאָס אויפריכטיקסטע באַשעפעניש...

נו, אַן אָפּשאַצונג.

איין פּערזאָן אין דעם הויז איז מיט מיר דורכאויס אומצופרידן געווען — די באָבע. און וואָס זי, אַלס אַלטפרענקישע, אַנ־קונציקע, האָט עס מיר אָפּן אַרויסגעוויזן. און לויט אירע טענות איז זי אפילו נישט געווען שטאַרק אומגערעכט. „אַ מויד" — האָט זי געזאָגט

— „ווי א געוועלב־ליאַלקע, נעמט און פאַרדרייט זיך א קאָפּ מיט א זוינעם־א (אויך זי האָט זיך געכאַפּט), וועלכן מ'קאָן יעדע רגע כאַפּן און אוועקשיקן ערגעץ אין שח'ט־הויז אריין. און אז יענער שטייט דאָך נאָך אין גרויסן (דאָס, ווייזט אויס, האָט זי מער פון אַלץ געאַרט)! א יונג, וואָס האָט קיין פאַר גאַנצע הויזן נישט אַף זיך...“

געוועגלאָך, האָט זי אַזעלכע ווערטער געזאָגט, ווען איך בין דערביי נישט געווען, ווייל דאָס וואָלט שוין אפילו פאַר אַזאַ אַלטער צופיל געווען. געזאָגט האָט זי עס שטענדיק נאָך מיין אוועקגיין און „פאַניע סאַמעט“ האָט עס מיר איבערדערציילט, זעלבסטפאַר־שטענדלאַך: נישט אַלס שמירה־טרעגער, נאָר אַזוי זיך, אין א שפּאַס, „ס'אָן אַלטער נאַר קאָן. רעדט אויך. אז אַלץ רעדט“.

## VI

דער קריזיס איז אָנגעקומען. די באַנייטע באָלשעוויסטישע אָפענסיווע קעגן פּוילן האָט גוטע רעזולטאַטן — פאַר רוסלאַנד — געבראַכט. בודעניס הונגעריקע, אָפּגעריסענע רויטע קאָזאַקן האָבן וואונדער באַוויזן. וועלטן געקערט. די גאַנצע פּויליש־פּאַטריאָטיש־שאָוויניסטישע פּרעסע האָט זיך ראַפּטים גענומען באַקלאָגן און וויינען מיט ביטערע קראָקאָדיל־טרערן. די רעגירונג איז ערנסט און אומרואיק געוואָרן. און אין איר נעבאַכדיקייט, שוואַכקייט און אומבאַהאָלפנקייט קעגן אויסערלאַכן שונא, האָט זי זיך אָבער זיכער און מוטיק גענומען צום אינערלאַכן שונא — די אידן. אף דעם פראָנט זענען שוין אונזערע העלדישע זין זיכערער געווען מיט א זיג. האָט מען א ווילדע אגיטאַציע־כוואַליע איבער׳ן גאַנצן לאַנד גענומען פאַרשפּרייטן. די אַנטיסעמיטישע צייטונג־פאָרשטייער האָבן באַקומען דאָס הויפּט־וואָרט (ווען האָבן זיי דען נישט?) און געבושעוועט אומגעשטערט. גערייצט איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער צווייטער. געהעצט און געטריבן צו טעראָר. און דאָס אונטער׳ן מלוכה׳שן פאָן פון פּאַטריאָטיזם. און פריי און אומגעשטערט. די ראָמאַן דמאָווסקים, די איגנאַצי פּאַדערעווסקים און אומוויכטי־קערע אָרגאַנענלאַך האָבן ווערטער גערעדט. האָבן מעשות דערציילט. אַלטע, אויסגעדראָשענע, פאַרשימלטע, אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע מעשות. אָבער זיי זענען נישט געבליבן אומבאַפרידיקט, די מעשות דערציילער. אטא די אַלע נישט געשטויגענע, ליגנעריש־צוגע־טראַכטע, אומגלויבלאַכע קלאַנגען זענען שטאַרק אָנגעלייגט געווען בא דער שווארצער מאַסע פון לאַנד. און עס האָט טאַקע די ערגסטע ווירקונג געהאַט. די שרעקלאַכסטע פאָלגן. ס׳איז באַקאַנט.

אַלערליי אויפרופן. שעדלאַכע, סמ׳יקע קאַריקאַטורן האָט מען אין די עפנטלאַכע פּלעצער צעהאַנגען:

„העלפט, ברידער פּאָליאַקן! דאָס פאַטערלאַנד לעבט איצט איבער דעם קריטישסטן מאָמענט זינט נאָך איר באַפרייאונג! באַרעכנט די געפאַר וואָס שטייט פאַר: דאָס לאַנד קאָן פאַר־פלייצט ווערן פון אידן־באָלשעוויקעס! זיי ווען די מאַכט איבער־נעמען און איבער אונז רעגירן! באַגרייפט איר גוט וואָס דאָס מיינט? מיט גוואַלד וויל מען אף אונז אָנוואַרפן אַן אַזיאַטיש־באַרבאַרישן רעזשים! אַ נייע קייט פון שקלאַפעריי און אונטערדריקונג! אף אונזער רעגולערער, קריגעריש־אויסגעהאַלטענער, אָרדנונג־פולער אַרמעע האָט מען ווילדע האָרדעס אָנגעשיקט, וואָס פירן אַן אומ־ערלאַך פאַרטיזאַנישן קריג, ווי אמת׳ע רויבער! זיי באַנוצן זיך מיט די אַלטע גנבהשע שפּיצלאַך פון די אינדיאַנער. פאַרנאַרן אונ־זערע לעגיאָנען מיט זייער אַנטלויפן און פאַלן דערנאָך אָן אין רוקן פון אונזערע רייען! דער בעסטער באַווייז פון געמיינקייט און פּחדנות! דער בעסטער סימן, די מורא פון זיי צו שטעלן זיך אין אָפענעם קאַמף קעגן אונזערע סאָלדאַטן! ברידער פּאָליאַקן! דאָס קאָן מיט אייער הילף אויסגעמידן ווערן! נעמט זיך, אַלע, וואָס איינער, צום געווער, כל זמן עס איז נישט צו שפּעט! אַ פאַררעטער איז דער, וואָס שטייט פון ווייטן! טויט־שטראָף דורך קריגס־גע־ריכט פאַר אַנטלויפן אָדער אויסבאַהאַלטן זיך פון מיליטערישע פליכטן! אף דער וואַך, ברידער פּאָליאַקן! שאַצט אָפּ די געפאַר! שאַצט אָפּ ווי טייער מיר האָבן פאַר אונזער פרייהייט באַצאָלט! מען וויל עס פון אונז אַוועקנעמען! ווער? ווילדע אַזיאַטן, צע־נויפגעזאַמלטע שבטים פון די סיבירער סטעפּעס, אַן וועלכער עס איז קולטור, אַן וועלכן ציוויליזירטן פונק, אונטער דער פירע־שאַפט פון אַ איד — לייבל בראָנשטיין! וועט איר דאָס צולאָזן? וועט איר שטיין פון ווייטן און שווייגן? — דאַמאָלס וועט דאָס אומזיסט־פאַרגאָסענע בלוט, די פאַרלוירענע פרייהייט, די זינד דערפון, אף אייערע קעפּ פאַלן, אף אייערע נשמות צוגערעכנט ווערן!..“

ביטערע ווערטער, וואס? הארציקע, שטעכיקע, ע? א מין רחמנות... א שניידיקע רחמנות. מיין ווייכקייט... דער ווארעם האט געטאטשעט, געגריזשעט... אבער גערעכטע טענות? כאטש א קליין ביסל גערעכט? ווי אומפארשעמט! ווי קליין און עניות׳דיק זיי שטרעקן אויס די לאפעס נאך הילף. זיי עפענען אויף די ליפן און לאזן ארויס א פארע, וואס פארפעסטעט אזש די לופט. און זיי רעדן דאך פון יושר, די מענטשן. זיי פארקרומען זיך אפילו נישט דערביי פון חרפה, פון א ברעקל בושה. זיי רעדן דאך פון קולטורעלן באוואוסטזיין, פון ציוויליזאציע, פון ווילדע שבטים, פון הארדעס, פון... רעדן זיי. אבער אלמעכטיקער טייוול, גרויסער, חוצפה׳דיי־קער מעפיסטאפעל, איז שוין גאר קיין גרעניץ נישטא צו געזונקנקייט און געמיינער דעמאגאגיע? ווער איז אף וועמען אנגעפאלן? ווער פון וועמען האט די פרייהייט געוואלט אוועקרויבן? ווער אף ווע־מען האט אן אנדערן רעזשים געוואלט ארויפצווינגען? פארוואס האט מען אזוי גרויזאם געטריבן די פינסטערע נפשות זיך שלאגן? פאר וועמען? וואס וועט ער שוין, דער ארעמער מאסע־מענטש, האבן, ווען אים וועט, אין בעסטן פאל, געלונגען דעם שונא צו צעש־לאגן, צו „דערשיסן ווי א הונט" מעגלאך אן אייגענעם ברודער פון יענעמס צד און אים באזיגן? זאל ער זיך אזוי איינרעדן: דאס פאטערלאנד איז געראטעוועט. די גרעניצן אויסגעשפרייט. דער טריאומף איז גרויס, וואזשנע. אלץ איז גוט. דער שונא, נא, קוקט ער אים אן? — אזוי ליגט ער צו זיינע פיס א באזיגטער, א צע־ביילטער? וואויל? טויג עס ערשט אף ניינציק כפרות! ווייל נישט דענקענדיק אפילו, פארבלאנדזשעט דאך אמאל א געדאנקל אין זיין מח־קעלער: „וואסזשע איז טאקע די גדולה מיט מיר אזוי גרויס"? אלץ ארומגענומען — גוט. וואסזשע איז דער טרויריקער סך הכל זיינער? לאמיר נאך אננעמען ער האט פארלוירן א האנט, א פוס, וואס ס׳איז גאנץ מעגלאך, וואסזשע טוט ער דאמאלס? ווער קוקט זיך אף אים אום, אף דעם אומגליקלאכן אינוואליד?

און ס׳זענען דאך פאקטן אף דער האנט פאראן: סאלדאטן, וואס זענען פונ׳ם ערשטן ביז׳ן לעצטן מלחמה־טאג אין די שלאכט־

פעלדער אָפּגעלעגן און געקעמפּט מיט'ן בלוט. מיט'ן טויט אַף שריט און טריט זיך געראַנגלט: וואונדן באַקומען. שמערצלאַכע, טויטלאַכע וואונדן. די קראַנקהייטן וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען: מלחמה־עפּידעמיעס. פאַר'סם'ט געוואָרן פון דעם עיפּוש, פון דעם געשטאַנק פון די געפאַלענע, וועלכע מ'האָט קיין צייט נישט געהאַט צו באַהאַלטן, ביז דעם מאָדנע משונהדיקן שלום „אָן זיגער און באַזיגטע", דאַמאַלס האָט מען די אמת'ע באַלוינונג געגעבן.

אָפּגעצויגן זיי די מאַנטלען, די שיך,די הויזן אפילו, און אין שמאַטעס, אין טראַנטעס, באָרוועסערהייט, כמעט נאַקעטערהייט האָט מען זיי א היים געשיקט. זיי זענען פריי. ענדלאַך פריי. אַך, די זעלנער'שע טובה. זיי, וועלכע האָבן שוין די אַלטע שטעלעס געהאַט אָנגעוואוירן און קיין נייע זענען נישט אָנגעגרייט געווען. און אַלס פאַרדינסט, וואָס זיי האָבן דאָס פאַטערלאַנד פון זיכערן „אונטערגאַנג" געראַטעוועט, מיט זייערע לעצטע אָפּגעשוואַכטע כחות, זענען זיי איצטער איינפאַך פון הונגער אויסגעגאַנגען. דער באַנדיטיזם האָט זיך פאַרגרעסערט, געמוזט זיך פאַרגרעסערן. גנבות — א וואָכעדיקער גאַנג. ווייל א וואָסער באַציאונג מ'זאָל נישט האָבן צו פאַרברעכער און גנבים; ווי מ'זאָל נישט פאַרדאַמען זייערע טאַטן, דאַרף מען אָבער אַלע מאָל זוכן די סבות, וואָס האָט דערצו געטריבן. און ס'זענען געווען סבות. קיינער גייט זיך דאָ פאַר קיינעם נישט איינשטעלן, אָבער שלעכטע אייגנשאַפטן פון מענטשן — אויב, זאָל זיין, זיי ווערן שוין דערמיט געבוירן — קאָן מען אויך מיט דער הילף פון גוטע אומשטענדן אויסוואורצלען, מ'קאָן!

וואו, אַ שטייגער, דענקסטו, דו אָרעמער, איז ער געווען, דער פריץ דיינער, אין דער צייט, ווען דו ביזט דאָרט אַף דער פּאָזיציע געלעגן און מיט די לעצטע קרעפטן דעם שונא'ס ווידערשטאַנד געבראָכן, ווען א קויל האָט דיך צום לעצט געטראָפן און דיר אַ האַנט, א פוס אָפּגעריסן, די נאָז, אַן אויג אויסגעהאַקט, אויסגעברענט מיט גאַז, א. ד. גל.? — דאַמאָלס, דו נארישער, איז ער זיך גאַנץ רואיק און געמיטלאַך, מיט א ריינעם געוויסן, אין די מאָנאַרכישע סאַלאַנען

אַף דער ווייבער קאַנאַפּע געזעסן, מיט אַ זאַטקייט, צופרידנקייט און אַלגעמיינער הנאה פון דער וועלטס גאַנג, אַ ציגאַר פון בעסטן סאָרט גערויכערט, נאָך דעם געשמאַקן, כּראַבישן מיטאָג, הערסטו... און דאָרט ביזטו אין דיין אייגן בלוט פאַרוואַשן געוואָרן, און די שרעקלאַכע יסורים זיך געקוליעט; די שווידערלאַכסטע ווייטיקן פאַרנומען; פאַר אַ ביסל וואַסער די צונג דיינע אַרויסגעשטרעקט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז אַרום מיטן טאָג. היים און כמאַרנע. די לופט איז גע־דיכט ווי אַ גליוועך. דער הימל איז גראָ און פאַרוואָלקנט. קיין זון איז נישטאָ, אָבער ווי ס'שטיקט.אַנגסטן גיסן זיך. ...

איך ליג אויבן, באַ מיר, פאַרהאַקטערהייט, און רייס זיך נער־ווען די האָר, וואָס ליגן אַף מיין קאָפּ ווי אַ בינטל ברודיק שטרוי, מחמת אַרומוואַלגערן זיך, נישט שערן און נישט קעמען זיך. איך בין פאַרצווייפלט און ברוגז. דאָס האַרץ ווערט אין מיר אויפגעגעסן פאַר רציחה אַף זיך און אַף דער גאַנצער פאַרשאָלטענער וועלט. שוין עטלאַכע טעג איך לייד הונגער און זע גאָר קיין אויסוועג נישט. קיין שום דערוואַרטע הילף פון וועלכן משוגענעם מענטשן. אַפילו מיינע נאָענטסטע פריינט זע איך די לעצטע צייט כמעט אינגאַנצן נישט אַן. יעדער האָט פּשוט מורא אַף דער גאַס אַרויסצוגיין. מ'ליידט אַף דער היינטיקער „קרענק". איך ווער וואָס אַ טאָג אַלץ מער אָפּגעשוואַכט און איך פיל, אַז איך פאַל פון די כּחות. איך זיץ איצטער און טראַכט בלויז איין זאַך, ווייל עפּעס אַנדערש קאָן דער געדאַנק פּשוט נישט פאַרנעמען: אַ שטיקל ברויט וויל איך. אַ קליין שטיקעלע ברויט מיט אַ סך שטרוי אַנגעקנעטן... „אַ פּיצלם" — פּלאָנטערט זיך צווישן דער צונג... קאָן איך דען בלייבן אַזוי גלייכגילטיק צו מיין לאַגע? וואָסזשע זאָל איך פאָרט טאָן? רייסן דעם קאַלך פון די ווענט? גאָט, וואָס זאָל איך טאָן? כ'פרעג דיך: רייסן דעם קאַלך פון די ווענט? ..

איך זיץ און קלער. טראַכט און ברעך זיך דעם קאָפּ וואָס מ'טוט. ביז איך באַשליס: איך וועל איינשטעלן. יאָ, וואָס עס וויל

זיך זיין — זאָל זיך. איך מוז אויפזוכן מיינעם אַן אַלטן פאַרפאַלע־נעם פריינט און אויפמאָנען אַן אַלטן חוב בא אים. פאַרפאַלן. איך האָב עס קיינמאָל נישט אין זין געהאַט צו טאָן, נאָר איצטער, זאָג איך, מוז איך דעם כבוד אין א זייט אָפּרוקן. אַלזאָ, גענומען זיך צו דער אַרבעט! אַלאָ, מ׳דאַרף קאָנען מאָנען חובות — נישט גע־פערלאַך, זעסטו! מ׳עט קאָנען. מ׳עט מסתמא קאָנען.

איך דאַרף דאַכט זיך וויסן וואו ער וואוינט, דער פריינט מייַ־נער. „און טאָמער איז ער שוין פון דאָרט אַרויס״? — גיט מיר פּלוצים א פאַל איין. איז וואָס, כ׳קלער נאָך? זיכער אַרויס. א שיינע פראַגע דאַרף עס נאָך בא מיר זיין. בפרט ווען איך דאַרף הילף פון אים. און... הע, געטראָפן. גוטער מזל מיינער, פונקט געטראָפן. ער באַדאַרף דאָך זיין פון די מיליטער־יאָרן. שוין, נישטאָ מער פון וועמען צו רעדן. צוגענומען אים, אוועקגע־שיקט ערגעץ אין פעלד אַריין, „און ווער ווייסט צי ער לעבט גאָר — גיט א בליץ דורך א געדאַנק און נעמט זיך מיט דער צייט אַזוי פאַרשטאַרקן, אַז בא מיר אַליין איז שוין שיעור נישט קיין צווייפל פאַרבליבן, אַז דער פריינט מיינער איז ערגעץ אַף דער פּאָזיציע דער׳הרג׳עט געוואָרן; אַז יענער איז טויט ווי אַלע טויטע און ס׳האָט מיר בלויז א פונק פון פרומקייט אויס־געפּעלט, איך זאָל נאָך אים אָפּזאָגן רבנן־קדיש.

פונדעסטוועגן האָב איך באַלד פאַרגעסן פון וואָס איך האָב געטראַכט מיט א ווײַלע פריער און מיט א קלאַפּנדיק האַרץ, אָפּגע־שוואַכטן טראָט און איינגעהאַלטענעם אָטעם — בין איך אַראָפּ אין גאַס.

. . . . . . . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטיל די גאַסן. פּוסט און וואַכעדיק. א טרויעריקער עדות פון דער קעגנוואַרט. זעלטן ווען א יונגער מענטש באַווייזט זיך. ווײַ־ניק אַלטע אַפילו. מ׳באַהאַלט זיך אויס. כשר׳ע, טרפה׳נע. מען ווייסט דען ווער ס׳איז ווער? אַלץ באַהאַלט זיך. אַלע באַהאַלטן זיך. ווי מייז, ווי ווערים. מ׳כאַפּט. רחמנא לצלן, נאָר מ׳כאַפּט.

דאַ צום פראָנט צו. דאָרט אַף אַנדערע מיליטערישע אַרבעטן. ס'אַ דאגה? מלחמה זאָל לעבן. הע, מלחמה זאָל נאָר נישט אונטערגיין! אַקאַפּעס גראָבן דראָט־פאַרצוימונגען פלעכטן. קאַזאַרמעס ריי־ניקן. היי אַנטראַגן פאַר פריש, נאָר־וואָס־אָנגעקומען מיליטער. ס'איז דאָך אַ לעבעדיקע וועלט. הייִנט, די אינטערעסאַנטקייט פון דער זאַך גופא. די געשפּאַנטקייט דערפון.. איין שאָלאָן אַוועק אין פעלד אַריין — אַ צווייטער קומט אָן, ווער ווייסט זיי פון וואַנען. שלעכטע קעלבער? מיט אַזאַ באַשיידענער תמימות זיי גייען צו דער שחיטה. איז כאַפּט מען קליין און גרויס. אַ זון מיט אַ טאַטן. אַ זיידן מיט אַן אייניקל. מ'האַלט שוין אַפילו באַ פרויען. און נאָר איין גאָט ווייסט ווי נאָך ווייטער זיי וועלן דערפאָרן.

אַ גאַנץ פיינע בהלה אַף די „זיגערס" קעפּ.

דאָס שטעטל איז אַ קליינס. איך דאַרף אינגאַנצן אַ דריי־פיער הינטער־געסלאַך זיך דורככאַפּן — און איך קום גליקלאַך אָן צו מיין בעל חוב. איך נעם זיך אָן צוויי פולע קעשענעס מיט קוראַזש. איך הויב אָן שטעלן פיס, כלומרשט פעסטע, זיכערע טריט, ווי מ'רעדט: אַ שטייפער געזעל. ווידער צוריק: אַ ברירה האָב איך?

צו מיין געראָטן מזל, מוז איך גראָד פאַרבייגיין דאָס פּאָליציי־צירקל. קיין אַנדערן וועג — חוץ אַרויסגיין ערשט הינטער'ן שטאָט, דורכשניידן אַ שטיק ליידיק פעלד, אַ שטיק לאָנקע, וואָס דאָס האָט, צו יענער צייט, גיכער פון אַלץ געקאָנט מיך אויסגעבן — האָב איך נישט געהאַט. בין איך אַף צרות. אָבער פונדעסטוועגן — שפּאַנט מען. גיב אַ שטעל אַ פוס, באַהאַלטענער האָז, דו! מאַך אַ שפּריַז, אַז דער רוח זאָל עס נעמען! הער: איך גיי פאַרביי דאָס פּאָליציי־צירקל. איך מאַך מיט מיר אָפּ צו בלייבן גלייכגילטיק. דורכאויס גלייכגילטיק. אַזוי ווי די גאַנצע געשיכטע גייט מיך נישט אָן. מ'מיינט דאָך אַוודאי נישט מיך דאַ (?). ס'שטייט אַ פּאָליציאַנט. מיר דאַכט זיך ער קוקט מיך אָן. מיר דאַכט זיך ער קוקט מיך שטאַרק אָן. אוז... אַט, שוין, אַ: ער גייט צו מיר צו. ער גייט צו מיר שטאַרק נאָענט צו.ער שטעלט מיך אָפּ. „סטאָוי"! — זאָגט ער — „העי, דאָרטען" — שרייט ער מיר נאָך, ווען איך פּאָלג אים נישט

— „אַ לע־גי־טי־מאַ־צי־ע האַ־ס־טו“ ? ער שטייט דאַכט זיך אַזוי נאָענט פון מיר און זיין קול קלינגט עפּעס אַזוי שווער, אַזוי מהלכ׳דיק. און פאַרכריפּניעט איז׳ס, זיין קול, אַזוי פאַרדעמפּט, פו...

עס שטאַרבן מיר אָפּ אַלע אברים איינציקווייז. וואָס טוט מען ? אַנטלויפן ? געוויס אַנטלויפן ״ — שרייב איך זיך אונטער. פאַרפלוכט, אַנטלויפן. איך נעם שטעלן קאַפּיטעס, אָבער ער גלייך נאָך מיר. איך לויף פאַר אים, פון אים, אַנטלויף איך — ער נאָך מיר, הינטער מיר, לויפט ער. הע, ס׳אַן אויסגעצייכנטער שפּיל !

אַן אומזין. ער האָט מיך אפילו נישט באַמערקט. נישט אַנדערש : די גראַבע וואַנסעס האָבן אים פאַרשטעלט דאָס ליכט פון ד׳אויגן. און ווי קאָן מען עס טאָקע אַזאַ קליין, איינגעקורטשעט נפשל באַמערקן ? מיך וואונדערט בלויז וואָס איך האָב זיך באַנוצט מיט מורא ביז איצטער. און איך ווער באַ זיך אין דער רגע גלייך פעסטער, דרייסטער און זיכערער. אַז מיך קאָן מען שוין נישט באַמערקן — לאָזט זיך דאָך אויס אַ מעשה. אָט אַ פאַקט : דורכגעשפּאַנט אַ פּאָליציאַנט לעבן דער נאָז. אפשר זיך נאָך אָנגערירט אָן אים. באַמערקט, נישט ווילנדיק אפילו, ווי אַ וואָנס האָט זיך באַ אים אַ שאָקל געטאָן. און גאַרנישט. הוי, דו שווואַרצער גליק מיינער, לאָמיר שעפּן לופט !

אָבער ס׳הויבט אָן רעגענען.

און אָט איז דאָס טרעגער־געסל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ קורצס, אַ שמאָלס און אַן ענגס. פּונקט אין רוקן פון׳ם „אַלטן מאַרק“ ליגט עס. שטייען טרעגער מיט די שטריק אַרומגעבונדן, מיט לאַנגע, וואַטאַווע קורטקעס, מיט שפּענצערס און ברייטע הויזן, מיט צוויי־ראָדיקע וועגאָנעס. גאַרנישט. טרעגער. שווערע אַרבעטער. שטייען זיי און קריגן זיך. אַ דאגה פאַרוואָס ? זאָלן זיך צוויי מענטשן צעקושן אין מיטן גאַס, וועט מען זיך אָפּשטעלן, גלאָצן מיט די אויגן און קוקן ווי אויף אַ בייז וואונדער. זאָלן זיך אָבער אַנדערע דריי צע׳ממית׳ן, וועט עס אויסקומען אַזוי נאַטיר־

לאַד, ווי אַ פּאַגראַם אַליין. אַ קין־דור. דער וואָרצל פון דער ציוויר־ליזירטער היינטיקייט.

איך וויל דורכגיין אומבאַמערקט וואָס דאַ קומט פאַר און לאָזן זיך מיין וועג. שנעלערהייט געבן אַ שפּאַן דורך, געשעפטמעסיק. טאַקע, וואָס קאָן עס מיך אָנגיין, אַז די גראָביאַנעס קריגן זיך? אַזאַ נייעס באַ זיי דען? אָבער עם דערגרייכן עטלאַכע ווערטער צו מיר, וואָס ווייזן, אַז די סצענע הויבט אָן ווערן אינטערעסאַנט. איך וועל זיך אָפּשטעלן בלויז אויף אַ קליינער ווײַלע און הערן אין וואָס דאַ האַנדלט זיך.

צוויי צדדים. איינגעטיילט כמעט אויף דער העלפט:

— פרנסה, ברודער, איז טאַקע אַ גוטע זאַך, אָבער אַ טאַטן האָסטו?

— הער נאָר: זאָלסט נאָר ווערן מיין עלטער־זיידנס שותף, וואָס זאָגסטו צו דעם?

— אַ רוח אין זיין טאַ־טאַראַ־ראַטאַ...

— ר׳האָט אַ מאַמען אויכעט...

— טאַ וואָסזשע לאָזטו זי שלאָפן, ממזר, בראַק זי צו...

ס׳איז שווין אַזאַ לשון באַ זיי. אַן אויסשפּראַך. אָבער ס׳דריקט בשום אופן נישט אויס זייערע געפילן. אטאַ די גראָביאַנעס זענען די בעסטע, גוטהאַרציקע מענטשן. דאָס האָבן בלויז די אומשטענדן אַזוי אָנגעצייכנט. אַזאַ שפּראַך זיי אָנגעהאָנגען, ממש אַרויפגע־צווינגען.. און טיילמאָל אפילו שלעכט האַנדלען אויך זיי געלערנט, אין אַ היציקער מינוט, אָן זייער ווילן. זיי ווילן נישט זיין שלעכט. דער עקאָנאָמישער דריק צווינגט זיי צו דעם. יעדן פון זיי דאַכט זיך, אַז דעם אַנדערנס אַנוועזנקייט מאַכט שווערער די לאַגע. איינער זעט אין דעם צווייטן דעם געפערלאַכסטן קאָנקורענט. איינער איז מקנא דעם אַנדערן. דער אַנדערער באַשולדיקט דעם דריטן. דער פערטער איז דעם פינפטן גלאַט גרויס אין די אויגן. און אַזוי גייט עס אַ גאַנג. דאַכט זיך זיי, אַז איין אָרט איז מזל׳דיקער ווי דאָס אַנדערע. רייסן זיך אַלע אַהין. מאַכט זיך אַ שטיקל אַרבעט פאַר איינעם — לויפן אַלע. קריגט מען זיך. שלאָגט מען זיך.

— העי, יונה, דו גיב אים נאר א הויב־אויף און א לאז־אראפ. וואס ארט עס דיך ?

— אז דו ביזט א יאלדאק : מ׳גיט אים אזוי א קלעב־צו, זע־סטו ? אט אזוי...

— איינס פון די צוויי : אדער גיב אים א קוש אין דער שפיץ נאז אריין, אדער גלייך אים אוים די ביינער. ס׳ווערט דאך שפעט..

— וואסזשע, אזא שווערע זאך איז אים אפצוהאקן א לונג ? איין זעץ אונטער׳ן הארץ — און דאס אלץ...

יא, איין זעץ אונטער׳ן...

אז אנדערש מאל וואלט איך זיכער געוועז זיך ארייננעמישט אין דעם עסק און אנגענומען די ראל אלס פארמיטלער צווישן זיי, ווייל מיט אייניקע פון זיי בין איך געווען באקאנט. איצט אבער האב איך זיך מיט גארנישט געפילט פעאיק כאטש מיט א ווארט זייער קריג איינצושטילן. איבעריגנס, בין איך טאקע משוגע אף אן אמת, אז מיר פאלט אזוינס איין. די געשעפטן מיינע. א פשרה־מאכער ווילט זיך מיר זיין אין אזא לאגע. א גוטער מליץ. וואסער שייכות קאן דאס צו מיר האבן... זיי קריגן זיך ? — זאלן זיי. א מצוה א גרויסע. זאלן זיי זיך, די ברואים, איינס דאס אנדערע לע־בעדיקערהייט אויפפרעסען. מיט׳ן טרפהנעם חלב, וואס פליסט אין זיי. זאלן זיי. הע, זאלן זיי, זאג איך... רבונו של עולם, וואט וועט זיין ? אבער וואס וועט עס פארט מיט מיר זיין, פרעג איך ! קאנ־סטו דען אף אזא שוואכער פראגע מיר נישט ענטפערן ? זע וואס ס׳טוט זיך דא. קוק אן די ווילדקייט, די חיה׳שקייט, די צעיושעט־קייט. רבונו של עולם, דעם כאאס... האסטו דען, דו גאט, ספע־ציעל די מענטשן באשאפן זיי זאלן זיך איינס דאס אנדערע לעבע־דיקערהייט אויפפרעסן ? צו וואסזשע האסטו באדארפט זיי באשאפן ?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳האלט דאך שוין נאר שמאל מיט מיר. נאך א טאג און נישט קיין אויסוועג פון דער לאגע — איז דאך אוים מיט מיר.

אינגאַנצן אוים. הער, א קליינע חכמה בלויז: מיט מיר ווערט אוים. איך ווער נישט. איך הער אויף צו זיין איך. נו, קאַן נישט דער קאָפּ צעקנאַקט ווערן? אָבער די גרויזאַמע לאַגע, קאַן איך שוין בשום אופן קיין שטיקל ברויט נישט באַקומען ערגעץ? וואָלט איך דען נישט געקאָנט האָבן א בעסערן מאַלצייט פאַר דעם אפריקאַנישן האַלב־גאָט, האַלב־מאַלפּע, נאָר פון דעם, וואָס מ׳ווארפט ערגעץ ארוים? הערט אַן אומדערהערטקייט! א סקאַנדאַל אַף דער וועלטס אָפּענער שוים! איך שטיי און אברים חלש׳ן מיר אָפּ איינציקוויז, שטעק די צונג ארוים... און דאָרט ווארפט מען זיך מיט די בעסטע זאַכענישן, מיט די טייערסטע מאכלים ווארפט מען זיך.. וואַסער משוגענער פּאַרדרוס, גאָט פּאַרדאַמטער! וואָסער הארצוויטיק... א וואַסער ווילדע, אומדערשעפלאַכע, אויסדרוקלאָזע רציחה.. ס׳איז דאָך צו וויינען. ס׳איז דאָך ארומצוכאַפּן די גאַנצע וועלט מיט אלע אירע נידערטרעכטיקייטן און רייסן און בייסן שטיקער גאַנצע. ווער איז דאָס דער איינטיילער, הא? איז דאָס ריכטיק? איז דאָס יושר׳דיק? פּראָפּאָרציאָנעל דארף דאָך עס זיין, וואָס? מיט א מאָס. מיט א וואָג. וו־וו־א־ם ז־זאָג־גסטו? אז א מענטש האָט א געפּסלט׳ן פּא־אש־ש־פּאר־רט, איז וו־ווא....?

און אָט האָבן זיי געבראַכט קעזלאַך. קרעפּלאַך מיט פּליישיקע בלינצעס, מיט גריוון, מיט... א מין איינטיילן... יענעם קומט אַלץ. און מיר קומט גאָרנישט. ווארפן זיך נאָך... קלאַפּן זיך נאָך... ס׳ארע מיאוסע אויסוואורפן, שאַקאַלן, פּאַסק... העי, וואָס וואָר־ר־רפט איר ד־ד־א־א־ר־רטן?..

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב זיך פאַרלוירן. דער קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן דרייען. ד׳אָדערן צו היצן. די שלייפן צו האַקן. די אויגן צו שווינדלען. ס׳ווערט מיט איינמאָל אַלץ שוואַרץ פאַר מיר. שוואַרצער, פינסטערער, חושך... איך האָב דייטלאַך געוואוסט, אז איך פאַרליר זיך. בחוש געפילט, אז איך ווער אָנמעכטיק. אז איך ברעך צוזאַמען. נאָך א ווײַלע, נאָך א קליינע מינוט — און איך פאַל אַנידער. איך

פיל ווי דער געדאנק הערט אויף צו ארבעטען. ווי דער גאנצער מח־אפאראט שטעלט זיך אפ. אלע שרייפלאך, ארגאניזם־אינסטרו־מענטן, נעמען זיך פאנאנדער, קניפן זיך אפ... „א מצוה" — טראכט איך נאך — פטור ווערן, איינמאל פאר אלע, פון דעם נוד־נעם שונא. ווינציק מיך אויסגעמאטערט? מיינע ליפן באוועגן זיך מאשינאל און ציטערן. לאזן ארויס פרעמדע, אפגעריסענע קלאנגען. אומפארשטענדלאכע ווערטער און אפגעהאקטע זאצן. ווער האט דען אנגעהויבן וויסן אין וועלכער ריכטונג די צונג גייט? אן אומבאוועגלאכקייט, א מין אפגעשטארבנקייט האט מיך באהערשט. איין קלאפ — און איך פיל שוין גארנישט. א מחיה, גארנישט. א דאנק — א דאנק...

כ'בין געפאלן.

ס'האט גענומען רעגענען שטארקער. קאלטע, שווערע טראפנס וואסער האבן מיין געל פנים גענעצט און מיין דארע הויט דורכ־געווייקט. מיין פאר'חלש'טקייט גענומען אפמונטערן. די אדערן האבן צוריק פולסירן אנגעהויבן. דער אינווייניקסטער אפאראט האט לאנגזאם, לאנגזאם גענומען צוריק ארבעטען. שוואך, גאנץ שוואכלאך, א פארע ארויסגעגעבן. איך האב זיך ווי פון א קאש־מאר אויפגעכאפט. די אויגן געעפנט, צעמישטערהייט זיך ארומ־געקוקט און — און משונה'דיק: גלייך האב איך זיך אין אלץ דערמאנט. אין דער רגע. קיין איין פאסירטן שטריך נישט דורכ־געלאזט.

בין איך, הייסט עס, געפאלן? ווי נישט־אויסגערעכנט איך בין עם אביסל. כ'וויים גאר נישט ווי ס'נעמט זיך צו מיר אזא העזה. וואס פון מיר איז שוין אלץ געווארן. איז'ס דען אמאל מיין געוואוינהייט געווען? בין איך שוין אין דער אמת'ן נישט מער ווי א צעבראכענע כלי פון ווייניקער ווי גאנצע צוויי צענדליק יאר?

בין איך. אדער נישט?

איך קוק דערווייל איננאנצן צו זיך און קוק זיך ברייט ארום. אלע שטייען זיי ארום מיר, די טרעגער־ארבעטער, צואמענגענומען, א קופע. איך דערמאן זיך אז זייער פריערדיקן קריג און קוק אף

זייערע פּנים'ער — די גרעסטע געלאַסנקייט, אויסגעגאָסענע פּריידּ־לאַכקייט רוט אויף זיי. קיין שום שפּור פון אַנגעריייצטקייט, אַנגעצויגנקייט. נאָך עטלאַכע זייטיקע מענטשן שטייען דאָ און קוקן אויף מיין שוואַרץ וואונדער.

געזען מיך פאַלן, זענען זיי גלייך צו, די טרעגער, אויפגעהויבן, און מיט פאַרשידענע מיטלען גענומען מיך מונטערן. און ווי זיי האָבן מיר דערציילט, האָב איך אַ היבשע ווייַלע נישט געקאָנט צו זיך קומען. כ'בין געפאַלן שווער. אַ שטאַרקע אָנמאַכט. אַ לאַנג שוין צוגעגרייטע. מער נישט געקאָנט זיך קאָנטראָלירן.

געפרייט און צופרידנגעשטעלט האָט מיך איין זאַך, וואָס האָט שוין באַלד די ווערט פאַרדינט דעם פאַל מיינעם מיט דער בושה אָפּצוקויפן. מיין אָנמאַכט האָט דאָ, נעמלאַך, אַ גינסטיקע ראָלע אַלס פאַרמיטלונג־אינסטרומענט געשפּילט צווישן זיי, און מיין וויסן אַפילו. זיי האָבן עס מיר, די טרעגער, שפּעטער איבערדערציילט, אַז דאָס האָט זייער אומפאַרמיידלאַכן געשלעג דעם גרעסטן קלאַפּ געגעבן. דורך אַ צופאַל, אומבאַוואוסטערהייט, גוטס געטאָן. נישט אומזיסט, זעט אויס, טראָג איך זיך אַרום מיט גאַנצע פּעק פּלענער און געדאַנקען ווי צו העלפן די קליינע מענטשן לעבן אויף דער וועלט. הוי, באַזיץ איך עס אַ מאַכט — שוין איינמאָל ! און מ'זאָל נישט אָנהויבן דענקען, אַז אַ געשלעג ביי דעם סאָרט איז פון די קליינע זאַכן. דער לייכטסטער אָפּשניט דערביי איז, אַז איינער קריגט אַ פּאָר אונטערגעהאַקטע זייטן, אָדער אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, וואָס ברענגט דעם געליטענעם אין שפּיטאָל און דעם שלעגער אין קרימינאַל אַריין.

ברענג איך דאָך פאָרט נוצן אויף דער וועלט ! זאָל זיין מיט אַ חלשות־טאַנץ. אַזאַ שפּיל מסתמא. ס'לוינט זיך אודאי צום עסק. ווייל צוריקרעדנדיק : ווער קאָן וויסן צי כ'האָב עס געמיינט ערנסט, מיט אָט־דער חלשות? אפשר האָב איך זיך געמאַכט. אפשר אַזאַ ראָלע געשפּילט. וואָס, באַ מיר איז דען נישט אַלץ צו פּועלן ? אַז מ'רעדט : אַלץ. ווער קאָן עס דערגיין וואָס אין מיין קאָפּ אַרבעט

זיך ארום? כ׳וואלט דאכט זיך א שיינער בעלן געוועזן צו זעז דעם מענטשן, וואס קאן מיך. הע, מ׳קאן אייך. מ׳קאן דאך דיך!..

אבער ווי די זאך זאל נישט הייסן — באוואוסטזיניקערהייט, צי נישט — פאר דער האנט האב איך א גוטע זאך אויפגעטאן. א מין פרייד עס איז צו לעבן אף דער וועלט. א מין גייסטיק פארגע־ניגן גוטס צו טאן. איר הערט, בלויז גוטס! קומט, איר אלע שלעכ־טע פארדארבנקייטן און לערנט זיך אפ!

איך האב זיך דערפילט פרישער, מונטערער. דער געדאנק האט זיך גענומען נארמאליזירן. איינשטעלן אף דער געוועגלאכער ליניע. פולע ארדנונג. איך בין איצט ווידער אומשטאנד געוועזן מיין לאגע צו באגרייפן. מיין נעבאכדיקייט אפצושאצן. יא, וואסזשע איצט? יא, איצטער... אבער ווי אומברחמנות׳דיק נאריש איך בין עס די לעצטע צייט געווארן! ווי אומדערבארעמדיק צו זיך אליין... איך שטעל זיך אנידער טראכטן: „וואס מען טוט איצטער". הייסט עס, אז איך טו עס מיט דעם געדאנק וואס שנעלער זיך אליין אי־בערצוגעבן. אנדערש קאן עס דאך נישט זיין. אז א מענטש וויל דוקא זיך אליין אוועקהרגענען, איז דאך נישט שייך קיין זאך...

עס נעמט רעגענען גאר שטארק. איך שטעל זיך אויף דעם קאלנער, האלט אונטער די אקסלען און מאך די נויטיקע באוואַ־רעניש. מיט געמאסטענע טריט און מיט דער גלייכגילטיקסטער רואיקייט לאז איך זיך שפאנען צו דער ריכטונג צו, וואו מ׳גייט צו תשליך יעדן ראש השנה.

שפאן איך מיר אזוי אין דעם גוס־רעגן מיט גרויסקייט און אומבאשרייבלאכן נחת־רוח. ערשט איצט ביז איך א מענטש מיט פרייהייט. ערשט איצט קאן איך זיך דערלויבן. ערשט איצט איז די נאסע וועלט מיין — איינגענומען. די גרעסטע געלאסנקייט מוז אף מיר ליגן אויסגעגאסן. איך פרואוו אפילו נישט דערשפירן צי עס ארט מיך עפעס. אז איך שענק אבסאלוט קיין ברעקל אויפ־מערקזאמקייט נישט דעם באמת גרויסן מבול, וואס האט זיך ערשט צום צווייטן מאל אראפגעלאזט, זינט דעם פעטער נח׳ס צייטן.

איך גיי און קוק זיך צו צו די צוויי־פיסיקע, וועלכע לויפן מיט

די שנעלסטע פאַרמאַגענע בחות פונ'ם רעגן אוועק. קוק זיך גוט איין אין זייערע צורות און כ'האַלט זיך קוים איין נישט אַריינצולאַכן זיי גלייך אין די אויגן. יעדן באַזונדער. כ'מיין עס איינפאַך: נעמען מייז נאָז און אַריינשטופּן אין יענעמס אויגן אַריין און אַזוי לאַכן, אַז דער שוואַרצער טייוול זאָל זיי נעמען פאַר גרויס פאַרלעגנהייט און מורא.

ווי זיי גייען עס און קורטשען זיך, בויגען זיך, ציען איין אין דרייען, אין פּירן, די אומגעלומפּערטע גופים. . . ווי זיי פּינטלען עס מיט די אויגן. קנייטשן די ברעמען. דריקן צענויף די ציין מיט די ליפּן און מאַכן זיך פאַלדן בא דער סוף נאָז... מיך פאַרדריסט עס ווי אַ שוואַרץ יאָר. ווי זיי האָבן עס אַביסל מורא פאַר זיך. ווי מ'גיט זיך עס נאָך. רעגנשירמס האַלטן זיי. אויפגעמאַכטע פּאַראַ־סאָלן, אויפגעפּראַלטע, באַשיצן זיך שטאַרק, שטאַרק, די נאַרישע קעלבער, פאַר אַ פּאָר געפאַלענע טראָפּנס. האָ, ווי שטאַרק זיי באַ־שיצן זיך. מיר ווילט זיך זיי אַזוי אויסשרייען:

„העי, איר ווייסע אָקסן! עגאָאיסטן לומפּיקע! גיט אַ קוק אויף מיר! איין בליק בלויז: ס'גייט זיך אַרום אַ מענטש, פּונקט ווי איר, אַ גלגול. דרייט ער זיך אַרום. אַ העלדישער מענטש, אַ ריזיקער מענטש, מיט אַ קראַנקן, צעבראָכענעם קערפּער, וואָס ווייקט זיך איצט אין וואַסערדיקע וואונדן. . . און איר האָט זיך שירמס. און איר האָט זיך רעגנמאַנטלען. און ריינע וועש האָט איר — און איך האָב גאָרנישט. און טויטלאַך מיך בין איך. מיך און צעבראָכן. מאַט און הונגעריק. צעמישט און האַלב משוגע... און איר האָט אַלץ. און איך האָב גאָרנישט. און ווי ברייט פאַנאַנדערגעעפנט איר האַלט די שירמס! ס'זאָל חלילה קיין טראָפּעלע אויף אייך נישט פאַלן. קיין שפּריצעלע. . . און קוקט ווידער אויף מיר און אויף פּיל אַזעלכע אויסדערוועלטע ליידנדע... און גוט אַזוי — זאָג איך — אַ ווילדע הנאה האָב איך. די גרעסטע נקמה אויף איר, אויף דער נשמה מיינער. . . זאָל זי זיך פּייניקן. זאָל זי ליידן. ווייקן זיך אין אַלערליי קראַמפּהאַפּטיקע שמערצן. זאָל זי... האָט זי נישט באַדאַרפט לאָזן זיך אַריינבלאָזן אין אַזאַ זינדיקן גוף אַריין. . . אין אַ פינסטערער שעה איז'ס געשען. אין אַ פינסטערער. . .

הע, ווי זיי פארשטעלן זיך עס. גלייך ס'וואלט טאקע אין דער אמת'ן א סכנה געשטעקט. נאראָנים, זאָג איך. אלע בלויז נאראָנים. איין מענטש זיך עפּעס ארויסגעכאפּט. איין חכם עתיק, וואס גייט און ווערט צעגאנגען אין וואסער. וואס איז צו אלע זיינע צעריסענע אונטער־קליידער צוגעקלעבט. איין מענטש בלויז, וואס לאכט זיך אויס פון אלץ.

אָבער עס הערט ראפּטים אויף רעגענען. שוין רואיק. טרוקן. גלאנציק. שטראליק. אך, ווי גרויסארטיק דער גאנצער שפּיל איז! ס'איז, זאָגט מען, א הערלאכע וועלט מיט אן אנטציקנדיקער נאטור.

און פּלוצים דערמאן איך מיך נאך וואס אייננטלאך איך בין אין גאס אראפּ און דער פּלאן הויבט מיר אן געפעלן ווערן.

כ'בין דאכט זיך, גערעכט — הויב איך אן מיט מיר אליין צו האנדלען — כ'בין, אלזא, ארום און ארום גערעכט — האָב איך זיך אפּ'ן קול גענומען צופּסק'ענען, אף וואס אייניקע נארישע פּאר־בייגייער האָבן מיר פארוואונדערטע בליקן צוגעווארפן. מ'מוז טאקע גלייך, אט די מינוט, זען צו קריגן געלט אן א שום ווייטער־דיקן צופאל. ניין, די נאטור איז צו שיין איך זאָל זי פארלאָזן און ליגן זיך שלאָפן אין דער נאסער ערד. איך וויל נישט. ס'איז, זאָג איך, אויסגעשלאָסן. איך האָב נאך, מענטשנס מילדקייט גע־לויבט, מיין האפנונג נישט אויפגעגעבן. אלא מיין גליק שלאָפט? — נו, דארף מען עס אויפוועקן. „שטיי אויף, דו גליק מיינס, דיין פּריינט רופט דיך! עס וועט דיר בא מיר גאר נישט פעלן, דו גליק מיינס"! אף זיכער וועל איך זיך דאָך נישט לאָזן נעמען! מ'שפּילט זיך, אפּנים, שוין צופיל מיט א מענטשנס געפילן, מיט זיין כבוד, מיט זיין געדולד, ענדלאך, וואס האט א גרעניץ און קאָן פּלאצן, אז ס'זאָל די גרעסטע (?) קאטאסטראפע פאראורזאכן... עס וועט, אלזא, מער אזוי נישט גיין. דאָס איז גענוג שארף ארויסגעזאָגט. בעסער זיך צו היטן פאר דעם גרויסן (?) צאָרן. דאָס איז א וואָרנונג אין צייט, זאָגט מען. נו, הײדא, געגאנגען. ווארט, גליק דו, ווארט אויס, כ'קום, כ'קום!..

# VII

שאַ : אַט וועקט זיך עס, ס'מזל מיינס.

מיין אַלטן פריינט, דעם געשעצטן בעל חוב, האָב איך גראָד אַ גליקלאַכן אין זיין הויז געטראָפן. און יענער האָט זיך מיט מיר אַזש צעקושט פאַר גדולה. אַזאַ גאַסט, הער עפּעס, פון די קליינ־קייטן ?

א האַרציקער בוחר געווען. צוזאַמען מיט אַן איינציקער שוועס־טער האָט ער געוואוינט, וועלכע האָט שוין באַוויזן אַ חתן צו האָבן, דערצו נאָך אַ „האָז".

אז זיי האָבן גאָר נישט געוואוסט וואָס מיט מיר צו טאָן.

„וואָס, איך לעב נאָך ? — האָט זיך מיין ליבער פריינט צע־זונגען אַף זיין אייגנטימלאַכן אופן און איצטיקער צוגעקומענער פאַרוואונדערונג — הם. . . ווי מאָדנע. אָבער ער האָט געמיינט, דער גוטער פריינט, אַז אַף מיר וואַקסן שוין בוריקעס. פּש. . . אַן אויפטו. . . נאָך אַלעמען, ניין, ער מיינט עס גאַנץ ערנסט, דער דאָ־זיקער, ווייל פון דער נאַטור אויס איז ער שוין אַזוי אַן אמת'ער מענטש. . . מעגלאַך, ס'איז גאָר נישט זיין שולד, נאָר אַזוי איז'ס... אָבער ווי זשע קומט עס פּאַרט, צו אַלדי געשיקטיקייטן ? אַזאַ צייט זיך אויסצודרייען אין דעם שטעטל. . . און וואו בין איך ? וואו וואוין איך ? און די הויפּטזאַך : פון וואָס לעבט מען ? ניין, פון וואָס מ'מאַכט אַ לעבן, מיינט ער גאָר צו זאָגן, אויב אים איז דערלויבט צו פרעגן. ער דענקט אפילו, אַז יאָ. אַן אַלטער פריינט, וואָס ? אַזאַ קליינע פריווילעגיע וויל ער. . . איך האָב אים, זאָגט ער, אפילו אַמאָל אַ טובה געטאָן. צי איך געדענק עס. וואָס, ניין? אַ קאָפּ־אַרבעט. ווי, פרעגט ער, קומט צו מיר אַזאַ קאָפּ ? אָבער ער פאַר־געסט נישט. קיין זאַך פאַרגעסט ער נישט. זיין מאַמע, אונז צו

לאנגע יארן, האט נאך עדות געזאגט אף זיין זכרון... אבער פאר־
וואס שטיי איך עפעס אין מיטן שטוב פונקט ווי א פרעמדער אף
א גויאישער חתונה? כ'זאל זיך זעצן, וויל ער, אויסטאן דעם...
הם, ער מיינט: כ'קאן זיך מאכן באקוועם... ער וויל זיך ערשט
דורכשמועסן מיט מיר. א קלייניקייט ווי לאנג מיר האבן זיך נישט
געזען... עס וועט שוין זיין א קאימא־לן פון ...וויפיל? — א,
לענגער, א סך לענגער. און דו, אסתר, — האט ער זיך צו דער
שוועסטער געווענדט — וועסט אזוי גוט זיין און מאכן טיי, יא?
הער נאר: ס'קאן דאך מיר גאר פון קאפ נישט ארוים... אבער,
דערצייל עפעס פון זיך. וואס דו מאכסט. ווי דיר גייט. און ווי מיר
דאכט, זעסטו גאר שלעכט אוים. מעגלאך, כ'וויים, כ'מאך א טעות..
און, זאלסטו מיר פריער אנטשולדיקן, ווייל כ'קאן דאך דיך, אפשר
נויטיקסטו זיך אין „פינאנציעלע מיטלען"? כ'מיין, כ'וואלט
דיר געקאנט א קליינע הילף אנביטן, אויב, פארשטייט זיך, דו
וועסט פארלאנגען. געוועגלאך, וואלט איך עס מיט פארגעניגן פאר
דיר געטאן. און מיר גייט גראד עטוואס נישקשה. אבער דארפסט
דאך נישט בייז ווערן דערפאר, ליבער מאיר יוסף! איך זאג עס
דיר בלויז דערפאר, ווייל כ'בין דיר א פריינט. און צווייטנס, בין
איך דאך דיר א חוב שולדיק... האסטו דאך א סימן, אז איך וויל
דיר דא אינגאנצן קיין טובה נישט טאן. הייגט, וואו איז פראצעגט
פאר דער גאנצער צייט? א היבש ביסל געמוזט אנוואקסן... נו,
האסט א בלייפעדער? אבער.. אבער דו האסט דאך, זינט ביזט
אריינגעקומען, קיין ווארט נישט אויסגערעדט. וואס איז מיט
דיר?"

וואס מיט מיר איז? נו גיי דערצייל אים א מעשה, וואס מיט
מיר איז. כ'וואלט דאכט זיך אליין א בעלן געווען צו וויסן וואס מיט
מיר איז. א פרעבקייט, נאכאלעמען: גיב זיי אפ רעכענונג. נישט
אנדערש: דין וחשבון ווילן זיי פון מיין ביגטל צרות. וואס, צו
אלדי טייוול, וואלט איך וועלן וויסן, ווילן זיי פון מיר מיט זייערע
זיידענע טובות? מיט די ווייכע, דיפלאמאטישע אנצוהערענישן?
**ווער דארף זיי דען? און איך בין דאך מער ווי זיכער, אז ער**

פאַרשטייט נישט, דער פריינט מיינער, צוליב וואָס איך בין געקומען צו אים. ער דענקט: אוים פריינטשאַפט מסתמא. אוים בענקשאַפט צו אים. אוים גרויסער ליבע... הע, הע, ס'א שלעכטער חשבון, מיין ליב יונגל! איך האָב אייך אַלעמען אַזוי גערן... אז ער וועט זיך עס אין די געדאַנקען נישט פאַרשטעלן: איב'ל קומען מאַנען געלט. חובות. ווי אַזוי איז מיר טאַקע אַזא ווילדעניש אין קאָפּ אריין? און וועד דאַרף עס דען? זייער גוטקייט, זייער שטיצע, זייערע לאַס־קעס... אז איך שפּיי דאָך אויף דעם אַלץ! נאָ, טפו!... און ווי־דער: ווי קאָן מען עפּעס זאָגען: „ברודער, גיב אהער די פּאָר גראַשן, וואָס ביזט מיר שולדיק, אז נישט — גו, אז נישט, איז גרויסע גע־האַקטע צרות״.. האָסט געהערט?

דערווייל לאָזט יענער נישט רוען. מיט דער שוועסטערס הילף, וועלכע האָט שוין דערווייל, לכבוד דעם גאַסט, דעם סאַמאָוואַר אויפגעשטעלט, שלעפּט ער פון מיר אַראָפּ דעם פּאַלטאָן. א קלאָג א גרויסע: וואו אַנטלויפט מען ערגעץ פון בזיונות?

ווער? איך? גאַנץ גוט. כמעט גאַנץ גוט... אָט, א שלעכטע צייט אַביסל. מ'שטופּט זיך דורך מיט צרות!.. קוים, קוים, וואָס מ'שטופּט זיך דורך..שווערלאַך עטוואָס.. עלנד אַזוי. אַלע האָבן פאַרלאָזט, אַלע...— איך פיל ווי טרערן הויבן מיך אַן שטיקן. כ'שעם זיך צו וויינען. דאָ טרוי איך זיך נישט מער, נאָכ'ן היינטיקן דורכפאַל אין גאַס. איך פּרואוו מיט אַלע כחות זיך צוריקהאַלטן און דורכ־זייען א שטאַרקן, פאַרדריסלאַכן טאָן דורך די ליפּן — אָבער גוט אַזוי, זאָג איך, בעסער אַזוי... אויסגעצייכנט... צו וועלכע פינסטע־רע יאָרן דאַרף איך זיי אַלעמען? — שריי איך כמעט, פאַרגעסנדיק, אַז איך געפין זיך אין א פרעמדער שטוב. — ווער שיקט נאָך זיי? נאָך די פאַלשע מנבלים... ס'א מלחמה? זאָג איך — א גרויסע? שריי איך — מ'הרג'עט מענטשן? — רעווע איך שוין הייזעריקער־הייט — מ'האַקט? מ'שניידט? ווייניק. אַלץ ווייניק. נאָך צופיל איבערגעבליבן. אַלע דאַרף מען אויסהרגענען. אַלץ דאַרף מען אויס־קוילענען. וואָס מיינט עס מיט זיי? צוליב אַן אַמביציעזער איינ־רעדעניש פון עפּעס א „גרויסקייט״ ווערן מיליאָנען קרבנות גע־

בראכט; ווערן הונדערטער ישובים רואינירט, אין אש פארוואנ־דלט; ווערן צענדליקע מיליאנען גייסטיקע און פיזישע קריפּלס געשאפען; ווערט ווילדעניש און דעמאראליזאציע פארשפּרייט. .
פארשטייען זיי עס נישט — זאלן זיי ליידן! זאלן זיי גיין! . .
צופיל. נאך צופיל איבערגעבליבן. . . גלויב מיר, נא, קוק אליין. קוק אף מיר און פרעג זיך: צו וואס לעב איך? צוליב וואס, זאג מיר, לעב איך אזוי פיל צו ליידן? אזוי פיל צרות צו פארנעמען? קאנסט עס מיר נישט זאגן, זעסט! געפינסט נישט קיין איינציק טרייסט־ווארט פאר מיר, קוקסט? ביזטו דאך ערשט דער זעלבער ווי אלע! פאלש, פאלש און פארדארבן ביז'ן ביין. פאלש!. .
„און ווער דארף אייך דען האבן? איך לאך דאך פון אייך אלעמען! אין מיין גרעסטער נויט וויל איך דאך פון אייך קיין טובות נישט! די צוקערדיקע, די זיסע — ווייל איך האס אייך! ווייל איר זענט צווייפיסיקע חיות; ווייל איר זענט. . . קוקסט מיך אזוי אן איצטער, וואס? כ'זע אוים שלעכט, נישט? אויסגעדארט, אפגעצערט, יא? שאקלען מיט'ן קאפ און העלפן מיר קרעכצן? — הערזשע: איך הונגער שוין גאנצע טעג. וואכן לאנגע. און איך בין נאך בא קיינעם נישט געוועזן בעטן א שטיקל ברויט פאר זיך, מיט וואס די אומגליקלאכע נשמה צו דערהאלטן, וואס איז שוין איצט זיכער אף איר רייזע אין הימל אריין. . . ווייסטו דעם טעם דערפון? ווייסטו וואס דאס מיינט, צו ליגן גאנצע אייביקייטן פארהאקטערהייט, פארלאזענערהייט פון דער גאנצער רייכער וועלט און זיין פאר'משפט צו אונטערגאנג? ניין, פריינט. פאר־שטייסט עס נישט — קאנסט עס נישט פארשטיין. באגרייפסט עס נישט — קאנסט עס נישט באגרייפן, מעג דער ווילן דיינער זיין ווי גוט. . . און איך וואונש עס דיר אויך נישט. . . ניין, נישט דיר. . . ווייל אויך דו ווייסט דעם טעם פון אומגליק. . . און ווייסט עס גוט.. און ווייסט עס שטארק... אבער כ'מיין דיר שארף אנצוזאגן, הערסט, אז זאלסט גאר נישט וואגן אנהויבן צו דענקען, אז איך בין איצט צו דיר געקומען בעטן הילף. זאלסט עס מיר נישט טאן, בעט איך... זאלסט עס־סס.. נ־נישט ט־ט...“

מער האָב איך נישט געקאָנט. די טרערן האָבן אָנגעהויבן רײ־נען קוואַלנווײַז. צופּיל אָנגעשטרענגט געווען. די נערוון האָבן זײער ביז איצטיקע פאַרהאַרטעוועטקייט פאַרלוירן. ס׳האָט געפּלאַצט...

איך האָב געוויינט ווי א קינד. אַף מיין ביטער מזל. אַף מיי־נע יונגע יאָרן. האָב געוויינט. אַף דער אומדערבאַרעמדיקייט פון דעם שיקזאַל... זינט איך בין נאָר צום שכל געקומען און אָנגע־הויבן פאַרשטיין, האָב איך כמעט קיין איין גוטן טאָג נישט אָנגע־זען. קיין איין אמת פרייליכע שעה נישט פאַרזוכט. אָרעמקייט, עלנד און נויט האָבן מיין קינדהייט געוויגט. שפּעטער — מלחמות, פּאָגראָמען, אַנפאַלן און גלאַט טויט־שרעק אַלע טאָג, אַלע שעה. פאַרוואָס קומט דאָס אַלץ מיר? פאַרוואָס?..

זיי האָבן מיך באַרואיקט, מיין פריינט מיט דער שוועסטער, און מיך איינגעשטילט. ווי א קליין קינד האָבן זיי מיך געלאָסט־שעט און איינגענומען. מיין פריינט האָט מיר נאָר שטאַרק פאַר־געוואָרפן פאַרוואָס איך בין די גאַנצע צייט צו אים נישט אַרויפגע־קומען.

„און אז מ׳מוז אַמאָל דעם שטאָלץ אין א זייט אַריין פאַר־בויגן, וואָס ווערט אין אַזא צייט אין אן איינפאַכער נאַרישקייט פאַר וואַנדלט. אַט זאָגט ער עס מיר אָפן, אז מיט מיין גאַנצער חכמה־שאַפט, ווי ער קאָן מיך, האָב איך גאַנץ אָפט מאָדנע קאַפּריזנע געוואוינהייטן... געהערט עפּעס אַזוינס? א מענטש איז אין אַזא לאַגע — און שווייגט. איך דאַרף עס אים נאָך זאָגן? ער האָט עס דען באַלד, פון׳ם ערשטן בליק אַף מיר, ווי פון אן אָפענעם בוך נישט אַרויסגעלייענט? גלייך. ווייל איך, זאָגט ער, האַלט אים פאַר א.. אן עקשנות א מענטש באַזיצט עס. פּס.. טויזנט און איין נאַכט איז דאָך א פאַרד קעגן דער געשיכטע... אַזוי־אַ צו זיין. און דאָס רופט זיך שטאָלצקייט. גאוה. רבונו של... הער נאָר, מיין... — האָט ער נערוועז און, קאַנטיק, אין א שטאַרק אויפ־געברעגטער שטימונג איבער׳ן שטיבל אַרומגעשפּאַנט און גע־טענה׳ט, ווי ס׳האָט אויסגעוויזן, צו זיך אַליין: — אַזא פאַרביסנ־

קייט ארויסצואווייזן... הערסט דען, אסתר? כ׳זאג דיר: ס׳ערשטע מאל אין מיין... פס... א־ווא־א...״

מיר האט עס אנגעהויבן אויסקוקן שרעקלאך קאמיש. אזוי קאמיש — ביז צום צעפלאצט ווערן לאכנדיק. א סצענע: א מענטש גייט ארום און רעדט צו זיך. איינער אליין רעדט ער צו זיך. שפאנט איבער׳ן שטיבל, האסטיק, מאכט מיט די הענט, שטעלט גרויסע שפרייזן — און רעדט צו זיך. בייזערט זיך, קנאקט מיט׳ן גראבן פינגער אין דער לופטן... עס זענען געווען מינוטן, וואס איך האב גאר נישט אנגעהויבן וויסן אין וואס דא האנדלט זיך; וואס, איי־גנטלאך, ס׳האט אים אין דער טיפער אנגעצויגענער שטימונג ארייננעטריבן... א יונגער־מאן גייט ארום און ארבעט מיט די הענט און מיט די פיס און מיט אלע כלים, פאכעט אין דער הוילער לופט אריין, גלייך ער וואלט זיך וועלן פארמעסטן מיט עמיצן אין כחות; ווי ער וואלט דא א ראלע פון א קאפעלמייסטער איבער א גאנצער קאפעליע כלי זמרים אנגענומען... שרייט, קאכט זיך, מי יודע וואס מ׳האט בא אים געמוזט צונעמען... ווי קאמיש... ווי הערלאך קאמיש און סצענע־מעסיק דאס קומט פאר...

— הי־כי־בע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

א ווילד געלעכטער האט דאס שטיבל אויפגעטרעסלט.

מיין פריינט מיט דער שוועסטער האבן זיך דערשראקן אף טויט און זענען צו מיר צוגעלאפן מיט אויפגעריסענע קוקערס. א קלאג — כ׳האב געמיינט זיי גייען מיך שוין איינשלונגען..

א פנים, דאס האב איך אזוי געלאכט.

עס האט נישט געהאלפן זייער איינבעטן מיך, אז איך זאל עסן, זיך פילן היימיש. איך האב נישט געקאנט. ערשט מיט א שעה צוריק האט זיך אויסגעוויזן, אז איך וואלט א גאנצן ברויט־בעקער לעבעדיקערהייט איינגעשלונגען. דא — עס, אז ס׳גייט נישט. איך האב בלויז א גלאז טיי אויסגעטרינקען, עפעס צוגעביסן און מער נישט געוואלט. אין מויל איז געווען זויער, טרוקן און

פּאַסקודנע. די צונג איז געווען פאַרדאַרט און דער קאָפּ האָט ווי געטאָן.

איך האָב זיך געפילט שטאַרק אומאַנגענעם און טיף נידער־געשלאָגן.

איך האָב זיי באַדאַנקט און זיך אַנטשולדיקט פאַר דער אומ־אַנגענעמלאַכקייט, וואָס איך האָב זיי נישט ווילנדיק פאַרשאַפט. עס טוט מיר לייד, בין לחלוטין נישט שולדיק. אומגעריכטערהייט... אַזאַ סקאַנדאַל... אָבער... יאָ, איך דענק, אַז איך קאָן שוין גיין... איינגנטלאַך, האָב איך גאָר אינגאַנצן נישט באַדאַרפט קומען... נאָר פאַרפאַלן. אַ צופאַל.. ווען אי..

— אי, אַ נאַרישקייט — גיט דער פריינט אַ פּאַר אַריין אין די רייד — די גרעסטע בטלנות, זאָל איך אים מוחל זיין... אַז איך רעד עפּעס היינט בלויז אַזעלכע לעבערלאַכקייטן, אַז נאָר איין גאָט, דער גרויסער, זאָל זיך דערבאַרעמען... ס'טרעפט זיך... אַ מענטש איז אָפּגעשוואַכט... אַנגעשטרענגט, נו, פאַרלירט מען זיך אַמאָל... ס'אי גאָרנישט.. וואָס, וואָס — מוטלאָזיקייט פּאַסט נישט פאַר מיר... ס'וועט דען קיינמאָל קיין ענדערונג נישט נעמען? ס'איז דאָך אַ זאַך פון אויסגעשלאָסנקייט. אָבער ביז דאַמאָלס, מיינט ער, ביז די גוטע צייטן וועלן אונטער־קומען, איז, אמת, טאַקע גאַנץ ביטער, אָבער אויפגעבן האָפנונג — דאָס איז קליין, מיינט ער, פּחדנות...

„נאָר נאָכאַמאָל מוז ער איבערחזר'ן, אַז איך האָב אַ געוואַל־טיקן, כמעט אומפאַרצייַלאַכן פעלער געמאַכט, וואָס איך בין די גאַנצע צייט נישט געקומען צו אים, פאַרגעסן אים. אַז ער האָט דאָך מיך, באַ זיין גוטן ווילן, נישט געוואוסט וואו צו זוכן. נו, פון וואַנען זאָל ער עס געווען וויסן? זיין אַ טרעפער? ס'וואָלט זיך אפשר געלוינט דער עסק, וואָס מיין איך... ס'ערשטע, זאָגט ער, וואָס ער וואָלט געטראָפן, איז, אַז די פּוילישע שליאַכטע וועט איינגעמען אַ מיתה משונה. ווען? וואָס פריער, פאַרשטייט זיך, אַלץ געזונטער... איצט, אַלזאָ, גיט ער מיר הונדערט מאַרק, ווייל גראָד היינט האָט ער באַ זיך קיין געלט נישט. נאָר אויב איך וועל

זיך נויטיקן... נו, מ׳ווייסט שוין... איז וואוזשע גיי איך איצטער? ווידער אהין, אין יענעם לאָך אריין? אָבער עס מוז דאָך ווירקלאַך זיין שרעקלאַך. און אין בעסטן פאַל, ווי לאַנג קאָן עס דען אזוי אָנהאַלטן? כ׳מוז דאָך עסן, כ׳מוז דאָך... וואָס, כ׳בין נישט געמאָלדן אויך? נו, הער א גדולה. . . שאַ, לאָז נאָר געמאַך, כ׳וויל כאַפּן א געדאַנק... וואָלט נישט מעגלאַך געווען איך זאָל היינטיקע נאַכט דא נעכטיקן? און אפשר... ערן וואָרט, א פּלאַן. הערסט, אסתר, ווייסט וואָס מיר איז איינגעפאַלן? אין דער צווייטער שטוב, בא מולין, וואָס זאָגסטו, אסתר, שלאָפסט נישט!? אָבער, ניין — האָט ער זיך גלייך אַליין פארכאַפּט, ווי נאָר די שוועסטער האָט דאָס מויל געעפנט צום רעדן, — עס טויג נישט. ער האָט דאָך נישט קיין כשר׳ן פּאַספּאָרט. און מולי׳ס דריי־גוידערדיקע אידענע... ס׳טויג נישט...

„בלייבט עס, אז די נאַכט נעכטיק איך דאָ. אָבער בלויז די נאַכט, ווייל מסתמא פארשטיי איך דאָך... אז אָפענע שטוב... און ער אַליין איז דאָך אויך נישט פון די גאָר כשר׳ע... וואָס, כ׳ווייס נישט? ערנסט גערעדט, כ׳ווייס נישט? נו, קינדער? ער איז דאָך א צוגענומענער, שוין פון עטלאַכע חדשים צייט... מ׳זוכט „אים" טאַקע אַלע מאָל בא „אים" אין שטוב. „אים" אַליין פרעגט מען אָף „אים". א משוגענע וועלט. . . איז׳ס נישט א ביטער געלעכטער אָף אונזערע קעפּ? א גאַליק געלעכטער. פּאָליציי קומט אריין, מ׳זוכט, מ׳נישטערט, מ׳קערט איבער ס׳שטיבל, דערנאָך קומט מען צו צו מיר און מ׳פרעגט אזוי שטרענג: וואו בין „איך"? פאַרשטייסט כאָטש? „איך" ענטפער, אז כ׳ווייס נישט וואו „איך" בין. נו, שפּילט זיך אָפּ א סצענע. איך לאָך זיי אָבער אוים. אָף דיר געזאָגט. איך האָב א פּאַספּאָרט אָף מיין עלטערן ברודערס נאָמען, וועלכער איז שוין עלף יאָר אין אמעריקא. פרעג נישט, ברודער, ס׳א צייט...

„היינט לאָזט ער מיך שוין נישט אוועק. די נאַכט וועל איך שוין מוזן שלאָפן דאָ, מיט אים, פארשטייט זיך. וואָס דען מיט.. הערסט, אסתר? האָסט נאָר אין זין, גלויב מיר... ביזט שוין איינ־

מאָל א תכשיט... נאָר דאָס זענען אַלץ קליינִיקייטן. מ'עט דורכקומען.
די הויפּטזאַך איז בלויז צו כ'קאָפּע זיך באַנאַכט. און מעגלאַך, אַז
היינט וועט מען שוין נישט כאַפּן... כאַפּן, ברודער. נאָר מ'כאַפּט.
פּוילן א מדינה, מיט אַנטרייבער, באַלעגאַלעס געמיינע — פּע !...
דער ווייסער אדלער אונזערער... און וואָס איז עפּעס מכח נייעס ?
צו וויים איך, אַז ער לייענט היינט אפילו קיין צייטונג נישט
דורך ? נמאס געוואָרן. נאָר דאָס פראָנט־זייטל גיט ער א לויף
דורך. די גרויסע אותיות בלויז, די קעפּלאַך: „אין א פּאַר'עקשנ'טער
קאָנטר־אַטאַקע פון אונזערע טרופּן, זענען אזוי פיל און אזוי פיל
באָלשעוויקעס געהרגט געוואָרן ; פאַרוואונדעטע אן א שיעור,
חוץ געפאַנגענע", מיין ליבער, חוץ קליינגעלט.... הע, „אונזערע"
האָט, ווי ס'זעט אויס, נאָר נישט געשאַדט... ווייטער: „דאָ און
דאָרט א פּאָגראָם זיך געווען, עקצעסן, איבערפאַלן, רויבערייען...."
„אף דער באַן־ליניע וואַרשא־לעכּובערג אזוי פיל בערד מיט די
מאָרדעס אָפּגעשניטן..." „א איד' דורכ'ן פענסטער פון א לויפנ־
דיקן צוג אַרויסגעוואָרפן...." „איין מערדער צווישן צען טויזנט
ווערט פאַרהאַלטן און אפ'ן צווייטן טאָג באַפרייט. . ." און דאָס
אַלץ, ברודער. מער איז כמעט גאָר קיין נייעס נישטאָ... ווי באַ־
וואַקסן איך בין.... צו וואָלט איך אמאָל נישט וועלן זיך אָפּראַזירן?
ער האָט א ראַזירמעסער. און אין איין וועג קאָן איך זיך אַרומוואַשן,
איבערטאָן. און אויב גאָר, וואָלט ער חשק געהאַט מיט מיר צו מאַכן
א דאַמקע, אָדער א זעקס־און־זעכציק. ער האָט קאַרטן און קלעצער
און אַלע נויטיקע מכשירים. אך, א שאָד די צייט. ער געדענקט
ווי זאַרגלאָז איך בין אמאָל געווען... וואָס די בלוט־דורשטיקע
מלחמה־חיה האָט פון אונז געמאַכט... אונזערע בעסטע יאָרן אָפּ־
געהאַקט... דאָס בוימעלע יוגנט מיט'ן וואָרצל אַרויסגעריסן... ס'איז
צו וויינען. צו וויינען אף אונזער שוואַכקייט, אף אונזער אומבאַ־
האָלפנקייט... מיר קאָנען גאָר נישט טאָן. זיי א העלד מיט געבונ־
דענע הענט... באַווייז א קונץ און שפּרונג אַריבער די לבנה !..."

ווער ווייסט ווי לאַנג ער וואָלט אזוי געווען אַוועקגערעדט און
**מיר מיין קאָפּ געהאַקט, ווען נישט זיין שוועסטער, די גוטע מליצה,**

זאָל זיך געוועזן אריינמישן און אָנהויבן אױף אים גוטמוטיק אָנצו־שרייען „אַז שטענדיק איז ער שוין אזוי, רעדט. נאָר מ׳רעדט פון זיך. אַן א טעם, אָן א טאַלק — רעדט. אבי געהאַקט א מענטשן אין קאָפּ אריין. יענער איז דערצו אזוי מיד, אָפּגעשוואַכט, דורכ־געליטן, נעמט ער אים דערציילן די אַלטגעבאַקענע מעשות, וואָס פאַר א קינד אין וויג איז׳ס שוין קיין נייעס נישט. פּאָליטיק, פּאָג־ראָמען, מיט בערד־שניידעריי מיט אַלע גוטע זאכן. מ׳ווייסט דאָך דאָס. ווער נישט? א וואָכעדיקער גאַנג. זאָל ער זיך בעסער ארומוואַשן, אויסרוען. וואָס מיינסטו? דו האָסט אַלע נאַכט דיין געלעגער גרייט צו שלאָפן, דאָס אָנבייסן צו דער צייט, דאָס מיטאָג און אַלצדינג, אָבער ער.... „

די גאַנצע צייט, וואָס מיין פריינט האָט געדרשנט, בין איך געזעסן אין אַן אומבאַוועגלאַכער פּויזע, דעם קאָפּ אויף די הענט אָנגעשפּאַרט, די הענט צום אָנלעגן פון שטול צוגעדריקט און געקוקט פאַר זיך, אויף אַן אומבאַמערקטן פּונקט — און געהערט. מערקווירדיק, איך האָב דאַכט זיך אַלצדינג אויסגעהערט, וואָס דער פריינט האָט אין משך פון אזאַ צייט געהאַט פאַר מיר רעזערווירט. קיין איינציקן זאַץ נישט פאַרפעלט. און דאָס נישט מחמת דערפאַר, ווייל דער פריינט האָט פאַר מיר נייע וועלטן אַנטדעקט, אָדער די נייגעריקייט האָט זיך אין מיר צעשפּילט — ניין. איך האָב גע־הערט. מאַשין־מעסיק, אַנגעשטעלט — געהערט. און בעסער פון אַלץ האָט ער געטאָן, וואָס ער האָט לגמרי קיין ענטפער פון מיר נישט געפאָדערט. אַט פאַרוואַרפט ער מיך מיט א דריי־פיר פראַגן אויף אמאָל — און ענטפערט זיך גלייך אָפּ אויף א גאַנצן טויץ, נישט מאַכנדיק מיר דערביי די מינדסטע באַמערקונג פאַר מיין שטומ־קייט. אין דעם פּרט האָב איך שוין גאָר רואיק געקאָנט זיין און ברעכן זיך דעם מח פאַרוואָס דער קייזער ווילהעלם וויל דווקא נישט אונטערשרייבן די רעזיגנאַציע פון א האָלענדישן ביפשטיק...
אויסגעצייכנטע סך הכל׳ען.

אַט איז די טראַגעדיע. אַט איז דער שטויב פון דער היינטי־קער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג. די בלוטיקע שפּורן. די שווארצע

פלעקן, מלחמה־נאַכווייענישן. פילן זיי דען א קליין שאַטנדל פון חרטה און שולד אויף זייער געוויסן, די גרויסע מענטשן?

פון מיין פריינט רעדט זיך דאָ.

האָט זיך א פאַמיליע געלעבט. נישט קיין רייכע, נישט אָרעם. האָבן געלעבט. זענען נאָך אפשר צופרידן געווען אויך. וואָס, אייגנטלאַך, פאַרלאַנגט דער דורכשניטלאַכער בירגער? ער גריבלט זיך נישט אין דער טיפער פּאָליטיק. אין די יסודות פון דעם אומ־גערעכטן געזעלשאַפטלאַכן צוזאַמענשטעל. אין אירע ראַמען. באַ־מערקט נישט אזוי שאַרף די ווילדע טאָג־טעגלאַכע טעות'ן וואָס ווערן באַגאַנגען פון די געזאַלבטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אליין באַצייכנט אלס די העכסטע, קלוגסטע, אלס די הערשער. האָט ער טאָקע דערפאַר ווייניקער גרונד אומצופרידן צו זיין, הגם ער ליידט פון אזא פירערשאַפט גלייך מיט אלע אַנדערע אונטערדריקטע, אָבער באַגרייפט נישט דעם סוד פון וואַנען עס קומט, קאָן נישט קלאָר דערגיין די אורזאַכן פון זיינע ליידן...

איז זיך א פאַמיליע געווען.

א פאָטער, א מוטער, א זון (מיין פריינט), א טאָכטער און א קינד, א מיידעלע א קליינס, פון פינף יאָר, אָדער זעקס.

האָבן זיי זיך אזוי געלעבט. געלעבט אין פרידלאַכע צרות, אויב מ'קאָן גאָר אזוי זאָגן, אין באַ'טעמ'טע צרות. גוט? שלעכט? געלעבט. צאַרישע גזירות. אַנטיסעמיטיזם, אידן־פראַגע, בירגערלאַ־כע צעטיילונג, נאַציע־אויסנאַם. מילא, מ'האָט געזשיפעט. מ'איז שוין געוואוינט געווען.

האָט די מלחמה אויסגעבראָכן. די באַרימטסטע בלוטיק־שווי־דערלאַכסטע מלחמה אין דער מענטשלאַכער געשיכטע. די ציוויַ־ליזירטע וועלט האָט א חיה'שן אויפשוידער געטאָן. א ווילדן ציטער. א צעטל לאָזונגען:

„פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט קעמפט מען. פאַר דער באַפרייאונג פון אונטערדריקטע פעלקער און נאַציעס. פאַר דער פאַרניכטונג פון דעם דייטשן מיליטאַריזם, וואָס שטערט דעם פרידן. ברענגען אן אייביגן שלום אויף גאָטס ערד....“

זענען אָבער די דייטשן זינגרייך געווען. „גאָט מיט אונז", איז, ווי ס'האָט זיך שיעור נישט געוואָלט ארויסווייזן, מיט זיי געווען. „דויטשלאַנד איבער אַללעס" איז דער דערפאָלגרייכסטער פון אַלע לאָזונגען געווען.

איז דאָס שטעטל צום ערשטן מאָל פארנומען געוואָרן. גרינג איבערגעקומען. אַן איין שאָס אפילו. האָט מען זיך אויסגעלאַכט: מלחמה צום טיש. וואָס אַזוינס איז דען מלחמה, פאַר וועלכער מ'שרעקט זיך אַזוי? — אַ גאָרנישט. מ'זעט דאָך: אַ גאָרנישט.

די רוסן זענען צוריק אריין. „אונזערע", האָט מען געזאָגט. האָבן זיי גענומען באַווייזן ווילדע אכזריות אַף אַ היימישן שטייגער. „אונזערע", מילא. ס'וועט בלייבן צווישן דער משפחה. האָבן זיי עס גענומען בושעווען. אינקוויזיציאָנעלע מעשים. און דאָס אונטער דער שטרענגער, דיסציפלינירטער השגחה פונ'ם הויפט-קאָמאַנדיר, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דעם געקרוינטן ניקאָלאַי דעם צווייטנס אַ פעטער.

„אידן זענען שפּיאָנען. אידן גיבן איבער דעם שונא וואו די צענטערן פון די רוסישע ארמייען געפינען זיך. אידן האָבן אין די בערד טעלעפאָן-פאַרבינדונגען מיט די דייטשן. אין די הויזן אָדער וועסטל-קעשענעס שמוגלט מען דורך דייטשע שפּיאָנען און אויס-קוקער..." און אַ סך אַזעלכע ענלאַכע באַשולדיקונגען.

און זאָל עס נאָר מיט דעם געווען פאַרבלייבן. מען האָט אין די טורמעס פאַר גאָרנישט געוואָרפן. אין טיף רוסלאַנד פאַרשיקט. מ'האָט געגעבן שמיץ. אומשולדיקע גרייז-גראָע זקנים האָט מען אַף דעם שענדלאַכסטן אופן געשמיסן, פון וואָס אַ טייל זענען געשטאָרבן. אַ ביישפּיל: איין קאָזאַק איז אַפ'ן קרבנס קאָרק געזעסן, דער צווייטער אַף די פיס און דער דריטער האָט מיט'ן גאַנצן כח און לוסט די גראָבע, געפלאָכטענע לעדערנע רימענס אַף דעם נאַקעטן לייב אַראָפּגעלאָזט.

אך, איך בין נאָך דאַמאָלס נישט מער ווי אַ יונגל פון אַ דרייצן יאָר געווען. און ווי גוט אַלץ געדענקט זיך אַזוי. וויפיל קוואַלן פון נויט און פּיין, האָבן שוין פון יענער צייט

אַז מיך געבאָדן, איינגעזאַפּט מיך, געהאַלטן איינגעשלונגען און צוריק אַרויסגעשפּיגן? וויפיל כוואַליעס האָבן מיך שוין אויפגעשטורעמט זינט יענער צייט? און דאָך... פאַרפלוכטער זכרון!

איין פאַקט בלויז. אַ זעמדעלע פון אַ ים־ברעג.

עס איז זאַמאָשטש. זומער, 1915. די דייטשע אַרמעי איז אין פּוילן גאַנג אַף אונז, אַף פּוילן. דער פראָנט איז שוין גאָר נאָענט. באַ אונז אין שטעטל שטייט איין די הויפּט־קוואַרטיר פון אַ גרויסן קאָרפּוסנעם שטאַב. די גאַסן זענען פאַרפּלייצט מיט הויכע אָפּיצירן, גענעראַלן. שפּיאָנען, ווי מיסט, גייען הינטער זיי, גייען פאַר זיי, אַרום זיי. ניקאָלאַיס רעזשים: מ׳טרויט נישט דער אייגענער באַפעלקערונג. מסתמא איז פאַרשטענדלאַך דער רעגירונג. זי האָט זיך עטוואָס געקאָנט... האָט מען קיין וואָרט פון די ליפּן נישט געטאָרט אַרויסברענגען. נישט נאָר פּאָליטיק, נאָר גאָרנישט. שטום זיין. האָבן צוויי מענטשן צווישן זיך וואָס גערעדט (ווייל מער מענטשן צוזאַמען איז געווען פאַרבאָטן צו שטיין אין גאַס), פון זייטיקע ענינים דאָרט, אַ דאגה וואָס, — זענען זייערע לעבנס פּשוט איינגעשטעלט געווען. און דאָ גערענקט זיך איינס:

צוויי מענטשן רעדן צווישן זיך. וואָס איז דער חלוק — אידן. זאָגט איינער צווישן אַנדערע ווערטער: „אודאי ווען גאָט זאָל העלפן"... אַ. אַ. וו..

אַ שפּיאָן הינטער זיי האָט דאָס געהערט און ביידע אַרעסטירט.

פאַרוואָס?

צוליב דעם וואָרט „גאָט", וואָס דער איד האָט באַנוצט, איז׳ס לויט זיין, דעם מיאוסן שפּיאָנס, אויסטייטשונג, אָדער רוסישער איבערזעצונג, אויסגעקומען אַ „יאָר" („גאָד" איז אַף רוסיש אַ יאָר). איז׳ס דאָך אָבער ניש גענוג דאָס אַליין. האָט ער, דער שפּיאָן, געמאַכט דערפון אַ פרייע איבערזעצונג, אַזוי, אַז ס׳איז אויסגעקומען, אַז דער איד זאָל האָבן געזאָגט, „אַז נאָך איין יאָר וועט רוסלאַנד עקזיסטירן..."

מער האט מען צו יענער צייט נישט באדארפט. דער שפיאן איז געווען באגלויבט. וואס פריער ער איז דא אויסן געווען — ווייזען דער רעגירונג זיינע פארדינסטן, צי גלאט באפרידיקן פאטריאטישע אמביציע — איז נישט וויכטיק. וויכטיק איז בלויז, אז מ'האט די צוויי אידן טויטלאכע שמיץ געגעבן, פון וועלכע דער עלטערער צווישן זיי איז לאנג נאך דעם אין בעט א חרוב'ער געלעגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאך צוויי חדשים זענען אוועק.

ווידער זענען די דייטשן אריין. דאס מאל שוין אונטער שטרענגערע באדינגונגען. א שלאכט איז אנגעגאנגען. הארמאטן האבן געדונערט צוויי טעג מיט צוויי נעכט, אן אויפהער. ס'א קליין שטעטל. הארט לעבן דער ווייכסל. א גוטער מלחמה־פונקט. האט מען ציווילע מענטשן באמבארדירט. נייטראלע בירגער באפייערט. מלחמה ווייסט נישט פון קיין אנדערע געזעצן, ווי דעם געזעץ פון הרגענען וואס מער מענטשן, פארוויסטן וואס מער לאנד...

אז אלטער כלל.

עס פאלט אריין א גראנאט אין שטוב. עס רייסט אויף. עס דערהרגעט גלייך אפ'ן פלאץ די מוטער מיט'ן קינד. דער פאטער ווערט שווער פארוואונדעט — און שוין.

האט די נאטור זיך געגעבן א שפיל מיט דער פאמיליע. דער פאטער איז געזונט געווארן. אנגעגאנגען מיט א שטיקל מסחר מיט דער הילף פון די צוויי איבערגעבליבענע עלטערע יתומים (מיין פריינט מיט דער שוועסטער). קומט אבער אן די בארימטע באלעריע־עפידעמיע, וואס נעמט זיך פארשפרייטן מיט א בליצי־קער שנעלקייט איבער אלע פארנומענע טעריטאריעס כמעט פון די דייטשן. און צווישן אלע אנדערע קרבנות פון דער אנשטעקנדיקער מגפה, איז אויך דער פאטער געשטארבן. זענען איבערגעבליבן צוויי גאנצע יתומים. נאך גאר יונגע. דער ברודער — זיבעצן, די שוועסטער פערצן יאר.

שפּעטער האָט דער מלחמה־שפּיל אַן אַנדער ווענדונג אָנגענו־מען. דייטשלאַנד איז געפאַלן. און אַ דאַנק דעם חסד פון די זיגער, זענען מלוכות געפאַלענע, פעלקער און נאַציעס צוריק צום לעבן אויפגעשטאַנען. תחית המתים דורך נייע משיחים. איז אויך פּוילן צווישן די נייע אויפגעשטאַנענע געווען. אומגעריכטערהייט כמעט דעם בעסטן חלק אַריינגעכאַפּט, דעם פעטסטן ביסן, מער דאַנק דערפאַר טאַקע דער זעלבער באַלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וועלכע זי, פּוילן, האָט מיט אַזאַ לעבערלאַכער עקשנות געוואָלט שטירצן... אויפגעוואַכט האָט פּוילן. לויז געוואָרן פון דער צאַרישער צוואַנג. זעלבסטשטענדיק געוואָרן — אומאָפּהענגיק.

נישט קיין עולה. יעדער פרייזענקענדיקער מענטש דאַרף צופרידן זיין קוקנדיק, איבערלעבנדיק, ווי אַ פאָלק לעבט אויף, נאָך לאַנג יאָריקער, פאַרשקלאַפונג און אונטערדריקונג און ווערט פריי, פריי.

אָבער ווי אַזוי האָט פּוילן איר נאַר־וואָס־באַקומענע פרייהייט אויסגענוצט? וואָס האָט פּוילן אין אַ משך פון אַזוי פיל יאָרן פון קנעכטשאַפט און דערנידערונג העכסטן גראַד געלערנט? גאָרנישט האָט זי געלערנט. אירע מעשים זענען באַקאַנט. אַליין פּאָפּולער־קייט זיך געשאַפן. וואָזשע זענען אַהין געקומען די גאולים, די מגידים? די אַננעמער, די עולהלאָזע באַשעפעניש? ס'ווערט דאָך פאַרברעך באַגאַנגען! און אַ וואָסער פאַרברעך. אָבער געשעפּט איז אַ הונט? מ'דאַרף דאָך דעם גנב...

און דאָס גנב'ל האָט געבריקעט. אומאויפהערלאַכע מלחמות באַלד פון'ם ערשטן טאָג פון איר באַפרייאונג: מיט גאַליציאַנער רוטענער, מיט רוסישע אוקראַינער, מיט די טשעכן, מיט די באָל־שעוויקעס, מיט די דייטשן, מיט די ליטווינער, מיט... נו. מער קיין שכנים האָט שוין פּוילן באַלד נישט געהאַט.

קורץ:

מ'האט דעם פריינט מיינעם צוגענומען צום מיליטער, נישט קוקנדיק אף דער אמת'ער „אפיעקונסטווע", וואס ער האט באוויזן: אז איינציקע מינדיעריקע שוועסטער, א מיידל, א קינד נאך, וועלכע האט קיינעם נישט אף דער שווארצער וועלט ווער ס'זאל זי אונטער דער השגחה האלטן, אויסער אים, דעם ברודער. מ'האט נישט געקוקט. דאס פאטערלאנד פאדערט פלייש. האט מען אים צוגע־נומען. האט ער זיך נישט צוגעשטעלט. האט ער דעזערטירט אף אן עלטערן ברודערס נאמען. און עס איז אים אפילו ביז איצט געראטן אויך.

# VIII

באַנאַכט בין איך געשלאָפן שלעכט. מיין מאָגערער מאָרד־פּלום האָט זיך איבער'ן גאַנצן מח־פעלד צעגאָסן. אין די קעלערן, אין די ענגע ווינקלען זיך אָפּגעזעצט און גענומען היצן און גליען. די אַדערן האָבן זיך איינס פון דאָס אַנדערע אָפּגעקניפּט און אַ פרייען מאַרשרוט געמאַכט. אַ מין שפּאַציר אַזאַ, אַ גימנאַסטישע איבונג.

איך האָב געזען חלומות אַלערליי. איינעם שרעקלאַכער פאַר'ן אַנדערן. מורא'דיקער, פול פּחד. נישט איין מאָל האָב איך זיך מיט אַ ווילדן אויסגעשריי אַ כאַפּ־אויף געגעבן און דערביי מיין פריינט מיט דער שוועסטער אין די שרעקנדיקסטע, קאָמישסטע פּויזעס אַריינגעברענגט...

מיר חלום'ט זיך אַ קלייניקייט:

איך בין אין שלאַכטפעלד. אַף דער פּאָזיציע. דער שונא געפינט זיך גאָר נאָענט פון אונז — און מיר פון אים. דער קאַמף דאַרף זיך באַלד אָנהויבן. „מיר" זענען די אָנגרייפער, ער — דער צוריקטרעטער. „מיר" פּלאַנעווען אַ שטורמישן אָנגריף אַף אים, אַפ'ן שונא, אַ פּלוציםדיקן — אַן אַטאַקע. בא אונז קאָמאַנדעוועט עפּעס איינער אַ קאַפּיטאַן מיט דריי שטערן און איין אויג. אַפּ'ן אָרט פונ'ם צווייטן איז בלויז אַ לאָך פאַראַן. אַ קויל האָט אים אַמאָל געמוזט טרעפן און דאָס אויג אַרויסנעמען. ווער ווייסט? אַ געשטופּלטער איז ער, מיט אַ טיגער'שן אויסדרוק אין דעם איינעם אויג. און פאַרלאָפן מיט בלוט איז'ס. אַ דורשטיקער בליק. הויכע וואָנסן, פאַרריסן אַרויף, מיט געלע שפּיצן, פאַרדרייט. ער זיצט אַף אַ פערד, אונזער קאַפּיטאַן, און רעדט צו אונז. שטילערהייט רעדט ער, ווייל דער שונא איז אַזוי נאָענט, אַז מען קאָן נאָך דערהערן פון דאָרטן.

מיר טארן גאר נישט פרעגן. נאר הערן דארפן מיר. הערן ביז אנגעשפיצטקייט — און שווייגן. שאקלען מיט די קעפ דארפן מיר און זאגן יא. אלצדינג, וואס ער זאגט אונז, דער קאפיטאן, דארף און מוז פון אונז אפגעכשר׳ט ווערן שטומערהייט. ווי זשע דען ? דער שכל איז דאך מחויב. . .

ער רעדט מיט א קרעציק קול וועגן דעם אומפארמיידלאכן „זיג“, וואס אונז שטייט פאר דורכ׳ן אנפאל אונזערן. ער לייגט אונז פאר דעם קלוגן פלאן, וואס זיין מח האט אויסגעארבעט. א גוואלטיק שטיק קאפ־ארבעט — אן אייזן. א מענטש האט א גבורה... „דער שונא, זאגט ער, דארף ווערן ארומגענומען פון אלע זייטן. און מ׳זאל נאר שניידן. נאר שניידן זאל מען ! וואו מ׳וועט נאר טרעפן... וועגן געפאנגענע זאלן מיר זיך נישט קומערן... ניין, די כלאפצעס דארפן אין אזא קליינקייט פארגעסן בשעת דער „פאר־טיפונג“ פון דער „הייליקער ארבעט“.... דורכאויס פארגעסן. נישט וויכטיק. נישט כדאי. געפאנגענע פרעסער.... אומזיסט זיי האדע־ווען בא אונז אין לאנד... און מ׳האט דען דא צו טאן מיט אן אמת׳ן, רעגולערן, ערנהאפטיקן שונא ? ס׳פאדערן זיך דען דא ערלאכע קאמף־מיטלען ? און זייט גרייט, כלאפצי ! — כשר׳ע קעלבער ! — נאר געשניטן זאל ווערן ! נישט מורא האבן. וועט איינער פאלן, — ווייל אויך דאס, גיט ער צו, איז אפשר מעגלאך — זאל דער צווייטער נישט וואגן צו אנטלויפן, ווייל ער וועט פון דעם דריטן ווי א הונט דערשאסן ווערן ! ס׳הייסט פארראט. פארראט הייסט דאס — קריצט ער מיט די ציין... א חיה שטייט און ברומט. א צווייפיסיקע חיה פון א ציוויליזירטער שטאט...

איך פיל גארנישט. איך בין אינגאנצן גלייכגילטיק. איך הער אים אפילו אוים מיט קאפ. ווייל די באפעלן זיינע זענען דאך מסתמא פון דער גרעסטער וויכטיקייט... בפרט פאר אונז, זעלנער. איך בין אים אפילו גרייט צו פאלגן אין אלץ, וואס ער וועט מיך נאר הייסן... ס׳א קשיא : מ׳מוז דאך. א קאפיטאן... און אז איך נישט יענעם, וועט דאך יענער מיך דערקוילענען ווי א הונט. וואס־זשע איז דער חלוק ?_ און וואס, א שטייגער, וועלן מיינע עלטערן

זאָגן דערצו? אלא, יענעמס עלטערן, וועמעס זון איך קלויב זיך צו דערלאַנגען... נו, אַן עסק, זעסטו, אַ גרויסער.. ניין, בעסער אינ־גאַנצן נישט קלערן. די שענסטע געשיכטע: נישט טראַכטן, נאָר טאָן ממשות'דיקס... מ'מוז.אַלזא, הרגענען, ס'העלפט נישט...

הורא־אַה! שניידן ביז'ן בלוט אריין! צע'דם'ען דעם אָרעמען נפש דאָרט... וואָס, אַן אַטאַקע? — דאָס בין איך... אַן אַנגריף? — גוט!... אוי ווי גוט... קומט, ברידערלאַך, ברודיקע חיה'לאַך, קליינע אויסוואורפן, וואָס איר זענט!... קומט, זאָגט מען, שנעלער, פעסטער!... לאָמיר לויפן, שפּרונגען, שטעכן, קוילענען מענטשן, וואָס האָבן אונז גאַרנישט געטאָן קיינמאָל... נישט קיין גוטס און נישט קיין שלעכטס... מענטשן, וועלכע מיר קאָנען אפילו נישט... וועלכע מיר האָבן אַף אונזער לעבן נישט אָנגעזען.... וואָס האָרט עס אונז? — טראַכטן מיר אפילו נישט. ווייל ווער האָט דען צייט דעם געדאַנק צו לאָזן זיך אַנטוויקלען? קומט, איר ברואים'לאַך! איר טרוקענע קאַרטינקעלאַך! איר ספּרינזשינע ליאַלקעלאַך... נאָר נישט געשלאָפן זאָל ווערן!.... הער נאָר צו אַ מעשה: הורראַ־רא! פּרעטש (נידער)! פּרעטש באַלשעוויקאַמי... האַרדי, פּשאַ... ווייל מיר נישט זיי — זיי אונז... הע, הו, זיי אונז... זיי אונז...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס איז דאָס?

איז איין רגע שטייען שוין דעם שונא'ס טרופּן אַנטקעגן אונז. און שוין. מ'טאָר גאָר נישט קלערן איצטער. נישט איין טראַכט טאָן אפילו מעג מען. מ'דאַרף בלויז זיך אַליין בייז מאַכן. אָבער שטאַרק אַנרייצן זיך... זאַמלען כעס.. און אריינברענגען זיך אין אַ טרפה'נער רציחה און נעמען זיך צו דער אַרבעט... יענע זענען מיינע שונאים. איך נישט זיי, זיי מיך. הע, ווער ווילד, דו נידריק מענטשלאַך מאַלפּעלע, אויב דו ביזט עס נאָך ביז איצט נישט!... קריכנדיק ווערימל, געמיין שפּינדל... הו, האַ, ניעך זשיע, זשיע... העי!... הוררר־אַ־אַ!... אַ־אַ־אַה! באַ־אַ־אַ!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פּלוצים זענען מיר גאָר ארומגענומען פון אלע זייטן. א רינג געמאַכט ארום אונז — א קייט, אַן ענגע. וואָס טוט זיך? ווער האָט עס די חוצפה? און דאָרט? האַ?... איז דאָס? מיין וואונדער... דער קאַפּיטאַן אונזערער?...

אָט זע איך אים אַנטלויפן פון דערווייטנס. אַפּ׳ן פערד זיצט ער, דער געשטופּלטער פירער אונזערער, דער איין־אויגיקער פּאַטריאָט מיט וואַנסן... אַפּ׳ן רויטן אַגער, זעסט נישט? איך כאַפּ זיך אָן אין די קלייניקייטן: „ווער עס וועט וואַגן צו אַנטלויפן" — האָט ער געזאָגט — „דער וועט ווי א הונט דערשאָסן ווערן"! „פאַרראַט"! — האָט ער מיט די ציין אַזש געקריצט — „דאָס הייסט פאַרראַט"!... א קאַפּיטאַן, א גרויסער אָפיציר, אַנטלויפט און לאָזט איבער זיינע גוטע, געהאַרכזאַמע כלאַפּצעס אַף דעם חסד פון דעם שונא׳ס באַגנעטן. ער לאַכט זיך איצטער אויס. „ארומ־גענומען דעם שונא פון אלע זייטן — און שניידן, נאָר קאַטעוועזן זאָל מען, וואָ אמת׳ע העלדן, הי־הי... און דאָ — הי־הי — און דאָ זענען מיר גאָר ארומגענומען פון אלע זייטן — א צוים. מ׳וויל אַנטלויפן — א שפּיץ פון דעם שונא׳ס באַגנעט. ס׳אַרע שאַרפע „באַיאַנעטן" זיי האָבן עס, די רויטע „אַזיאַטן"... און מ׳קאָסעט דערווייל אונז, אַז פונקען שפּריצן... אָבער ווי וואַגן מיר זיך צו לאָזן? מיר האָבן דאָך אַלע אזוי דייטלאַך אויסגעהערט וואָס דער קאַפּיטאַן האָט אונז געזאָגט... און מ׳האָט דען צו טאָן מיט א רע־גולערן שונא? פאַרוואָס טאַקע נישט געבן זיך א נעם מיט פאַר־בויגענע קאָסעס, פאַרזשאַווערטע שפּיזן, מיט געלעמטע הענט און מאַכן פון דעם בראַדיאַגע אַש און ערד?... א העזה א ביסל פון די אָפּגעשיילטע קאַרטאָפּליעס... און צי וואָלט נישט אַמאָל אונזער קאַפּיטאַן שפּעטער אַן אויסצייכנונג באַקומען, פאַר זיין גוטער פירערשאַפט און בראַוווער, טאַקטפולער אויסגעהאַלטנקייט? אַן ערשט־קלאַסיקן רויטן צלם וואָלט ער באַקומען. נו־זשע, ברידער, חברים, כלאַפּ־גנב, לאָמיר זיך נישט לאָזן! נאָר נישט געלאָזט

זיך... הע, נאר ניש!...הא.. ווייל מיר נישט זיי, זיי — אונז, אונז... לאַמ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און שוין. פּאַרטיק. מער קאָן איך גאָר נישט זאָגן. נישט טראַכטן אַפילו. איך קריג ראַפּטים אַ זעץ אונטער'ן האַרץ, מיט דער דיקער זייט פון דער ביקס, מיט דער „קאָלבע". דער אָטעם האַקט זיך אײנגאַנצן אָפּ. אינווייניק ווערן די פאַרקניפּונגען אײ־בערגעריסן. די ציין ווערן פאַרהאַקט. און כ'קאָן אַפילו קיין איינציק־אָפּגעריסענעם קלאַנג נישט אַרויסלאָזן, דעם לעצטן אָטעם־קרעכץ, דעם גסיסה־כאַרכל...

כ'פאַל אַנידער. וואָס נאָך?

ווידער אַן אַנדער בילד:

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'בין אין דער היים. „אין דערהיים" — ווי גוט. אַך, ווי שמערצלאַך גוט און פּייניקנדיק. ווי מחיה. איך ליג אָפ'ן טויטן בעט. במעט אינגאַנצן שוין אָפּגעשטאַרבן בין איך. די אויגן צו־געמאַכט. פונדעסטוועגן זע איך אַלץ. אַלץ און אַלעמען אַרום מיר. ביז די סאַמע קלייניקייטן באַמערק איך. ווי מאָדנע: מיינע אויגן זענען צוגעמאַכט, פאַרשלאָסן — און איך זע.. אַלע אינווייניקסטע אַפּאַראַטן זענען אויפגעשרויפט, אָפּגעשטעלט — און איך פיל... איך פאַרמאָג פאַרשטעלונג־קראַפט. אַלע חושים זענען דאַכט זיך טויט, געשטאָרבן — און איך קאָן אונטערשיידן פון איין זאַך ביז דער צווייטער... מיין מויל איז אויסגעקרומט, די ליפּן געשלאָסן, די ציין פאַרהאַקט — און איך רעד... יעדעם וואָרט הער איך, באָטש די אויערן מיינע זענען פאַרשטאָפּט, פאַרטויבט.. איך רעד צו אַנדערע און בעט מיך באַ זיי... אָט ליג איך אַ טויטער און דערקאָן דאָס שטובל אונזערס מיט דעם נידריקן באַלקן. אין דעם שטובל, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און מער צרות ווי נחת פאַרנומען...

דאך... ווי טייער עס איז מיר, דאס שטובל, מיט די פארשמירטע ווענט, פון קאלך, — אן ערינערונג פון די דייטשן, מיט זייערע באליערעס און דיזנפעקציעס... דאס ארעמע מעבל דערקאן איך: האלצערנע בעטן, א האלצערן שויבן־שענקל מיט דרייפאכיקע פאפירענע שפיצן, וואס מיין שוועסטער האט אויסגעשוירן אף יום טוב... און נאך זע איך. דאס בעסטע. דאס טייערסטע: באקאנטע פנים'ער. ליבע, זיסע און פארטרוירטע. פארוויינטע, פארשוואלענע אויגן זענען אלץ צו מיר געווענדט.

איך בין אוועק אין דער מלחמה אריין און מ'האט מיך צוריקגעברענגט טויטלאך פארוואונדעט. איך האלט בא'ם שטארבן. מיין מאמע וויינט און אלע וויינען. זעט אויס: כ'לעב נאך. און איך מיין אויך, אז איך לעב נאך... נאר פלוצים הויב איך אן פילן גאר שלעכט. איך הויב זיך אן ווארפן און קאנוואולסירן. די געשרייען פון די ארומיקע שניידן דורך מיין קאלט, אפגעשטארבן לייב. עס פארביטערט מיר אזוי די לעצטע מינוטן....

ווי איך וואלט זיי אלעמען וועלן טרייסטן. בארואיקן, די ליבע, די גוטע. און מיטוויינען גלייך מיט זיי, לייכטער מאכן... אדער אפשר זיך גאר אויסלאכן פונ'ם גאנצן עסק? „פריער, שפעטער, אלץ איינס" — באשלים איך שוין טויטערהייט כמעט. „אלץ איינס"... און דא קאן איך קיין באוועג מיט קיין אבר נישט מאכן. „פארטיק", זעט אויס. אלע גלידער אפגעשטארבן. פארשטארט. א שטיק לייב געבליבן — א גליוווער....

און ווי, א שטיינער, קאן איך איצטער אויסקוקן? כ'וואלט א הארציקן חשק געהאט מיך אין דער רגע אנצוזעז. איך וואלט דערפאר אוועקגעגעבן... ווער האט דען עפעס שוין צו געבן... און ווי מאדנע דאס גאנצע שטארבן איז... אט ליג איך דאך טויט, טויט — און הער אלץ און זע אלעמען און פיל... איך בין טויט — און מיין מח טראכט. כסדר טראכט ער. טוט אויף וועלטן. ווי לאנג אזוי? און וואס הייסט דען געשטארבן?..

ווי איך בעט מיך עס כאַ זיי, באַ מיינע טייערסטע, רחמים בעט איך מיך, זיי זאָלן אויפהערן מיך צו באַקלאָגן, צו באַיאַמערן. נאָר אויפהערן זאָלן זיי... וואָס פאַר אַן אויסערגעוועגלאַכס איז דען פאַראַן? איך נישט זיי — זיי מיך. נו, דער סוף: זיי — מיך. אַזוי קוקט עס אויס. דאַרף מען זשע אַזוי קלאָגן? און נאָך אַלעמען בין איך דאָך געפאַלן פאַר אַ הייליקן צוועק... בלויז אַ שטיקל חוב אַלס געטרייער בירגער צו מיין פאַטערלאַנד אָפּגעצאָלט... פאַר „אונזער" פאַטערלאַנד בין איך דאָך געפאַלן... איז'ס נישט ווערט? אַ קליינער כבוד? וועט מען מיר דען איינרעדן, אַז יעדער איינער קאָן אַזאַ זכיה „דערלעבן"? איך וועל זיך דאָס נישט לאָזן אָוועקנעמען!...

און יענער פירער מיינער, דער העלדישער קאַפּיטאַן, איז גאָר אַנטלאָפן געוואָרן.. הי־הי, אַ געלערנטער אַזאַ.. פון אַלע זייטן זענען מיר אַרומגענומען.. מ'דאַרף שניידן, ברידערלאַך, נאָר שניידן, אַז דער רוח זאָל עס כאַפּן... כלאָפּצי, ניע דאַמי שע, פּשאַ יוכאַ, קורר... הורראַ־אַ, רראַ־אַ, זאָגט מען.. פּרעטש... פּרעטש... ניעך זש־זשיע...

איך האָב גענומען מאַכן אמת'ע קולות פון שלאָף אַרויס און דעם פריינט מיינעם אַזוי אָרנטלאָך מכבד געווען אויך. ער איז אַראָפּ, מחילה, אין די גאַטקעס, די שוועסטער אין נאַכט־העמד, להבדיל, און: — וואָס אי? וואו ברענט? נייז, אַז אַבלאַווע! אַז אַבלאַווע? וואָסזשע שטייסטו? וועק אים אויף.

הורראַ־רא! האַ־אַ, אַ־אַ־אַ זשיע... זש־זש... י־ע...

— כ'האָב דאַכט זיך געשריגן פון שלאָף, וואָס?

## IX

„קיין אוממעגלאכקייטן זענען אף דער וועלט נישט פאראן".

— אזוי בין איך ארויס מיט דער וויכטיקער אנטדעקונג, וואס דארף, נאך מיין אייגענעם מיינונג, איבערשטייגן קאפערניקוס.' אלץ קאן זיך טרעפן און פאסירן. אט, זאל מען, למשל, נעמען און ארייננטראכטן טיף אין דער זאך אריין, כאטש קיין גאראנטיע, אז ס'לוינט זיך דער עסק, ווערט דא נישט אנגעגעבן, און זאל מען אנאליזירן די זאך און איינזען: אן אונטערשיד פון נעכטן ביז היינט. וואס נאך קאן זיין א גרעסערער קעגנזאץ צו מיין געבי־טענער לאגע אין א משך פון צוואנציק שעה?...

עס איז נאך גאנץ פרי — ארום עלף. אין שטעטל איז איצטער שטיל — א מחיה. אלע טאג אזוי, איידער דער האלב־צוועלף א זייגערדיקער צוג ברענגט די טעגלאכע צייטונגען מיט די געוואונ־שטע נייסן, מיט די רעש'יקע קעפ, איז גארנישט. פארגעסט מען מינוטנווייז פון דער אויסערלאכער וועלט און אירע געשעענישן. גראבט מען זיך אין אייגענע צרות, אין היימישע.

דריי איך זיך אזוי ארום אין גאס, פראנק און פריי, מיט א פולן בויך קלעמעניש, אונטער'ן הארץ. נישט פון הונגער — חלילה. הונגער. אויך מיר אן עקזיסטירנדיקער עלעמענט. מ'לאכט זיך אויס... איך האב ווען געהונגערט אמאל? אויב יא, אין וועלכן יארהונדערט? אויב נישט, איז'ס דאך אן איינפאכער בלבול. הם, וואס מענטשן זענען אלץ פעאיק אויסצוטראכטן... יא, זייער מאדנע די לאגע. „שפילען זיי זיך צו דעם ראק", זאג איך צו מיר אליין, „און הערן זי נאר איינמאל"!

איך גיי מיר דעם פאלטאן צעלאזט. די פאלעס צעגייען זיך אף רעכטס און אף לינקס. דאס שלייפעלע מיינס איז פארקניפט

אזוי, אז עס דארף, לויט מיין רעכענונג, אויסקוקן אויסערגעוועג־לאך גרויסאַרטיק. דער קאַלנער איז רייך־פּאַרביק. פּלעקן — וואָ־סערע וויל מען נישט? סך הכל איז ער ערשט א פּאָר וואָכן נישט געוואַשן. אָבער וואָס קאָן דען דאָס אויסמאַכן? — טראַכט איך. מיט איין האַנט כאַפּ איך מיר אונטער די לינקע פּאָלע און מיט דער צווייטער באַדין איך די רעכטע הויזן־קעשענע, און.. פּסס... ס'אַרא וואַרימער הויך ס'בלאָזט פון דאַרטן. ס'קנאַקט אונטער די פינגער, אז ס'א נחת צו פילן... א קלאַנג: א גאַנצער מיסטקאַסטן מיט פּוילישע מאַרקן, כ'מיין: אן אוצר צו זאָגן... נו, ווער, כ'בעט אייך זייער, קאָן זאָגן, אז מאָרגן איז תשעה באָב אין אונגאַרן? דער מענטש ווייסט גאָר נישט וואָס פאַר אים שטייט פאָר... צוריק, אַלזא, די אַלטע געוואוינהייט. צוריק א גביר, אן עושר... אָבער נישט אן מילדקייט נוץ איך מיין עשירות אויס. א, דאָס וועט מען מיר שוין נישט פאַרוואַרפן. אַף אזוי פיל וועט עס נישט דערגיין. ס'הייסט, מ'וועט נעמען א מענטשן און אַף אזא אופן אים קאָמפּראָמענטירן?

די מעשה:

דער מענטש קריגט פּלוצים אריין אן אומגעריכטע אפּותיקי, זאָל עס הייסן פון א גוטן פריינט, זאָל עס הייסן אן אַלטער חוב; ער גיט אויס גאַנצע צוועלף מאַרק אַף א שוואַרץ פּיער־פּונטיק ברויט, פאַר א גאַנצן מאַרק האַרטן קעז, — ווייל דער מענטש האָט גראַד ליב האַרטן קעז — פאַר א מאַרק זויערע מילך — און מאַכט עס פּאַרטיק. אָבער אַלץ קאָן דאָך הייסן פּאַרטיק געמאַכט! און ס'זאָל באַטש דעם מענטשן מיט די איינגעדאַרטע קישקעס געוועזן עפּעס פאַרשאַטן, חוץ א נישטיקע קלעמעניש אונטערן האַרץ.

אָבער ווער ס'פאַראַרעמט דאָס לאַנד איז דאָך נישט באַקאַנט..

גיי איך און שעפּ לופט. איך בין איצטער זייער אין א גוטער שטימונג. מיין געמיט איז געהויבן אַף נישט קיין גאַנץ קליינער מדרגה. עס פעלט מיר, אסור חזיר, אין קאָפּ נישט איין מורא צו האָבן. אז איך האָב עס אפילו נישט אין דער לינקער פּאַדעשווע.

נו, טאקע, ווינציק חכמות וואלגערן זיך דארט אין מיינע מח־ווינקלען ארום? היינט, פארנעם זיך מיט אזעלכע קליינלאכקייטן.. כ'דארף עס נויטיק האבן.

איך הולך און זינג.

איך זינג מיר אוים באקאנטע זאכן. לידער אלערליי: סאלאס, דועטן, טריאס, קווארטעטן, אריעס פארשידענע און כאר־געזאנגען אפילו פיר איך אוים... איך מאך אבער פון דעם אלעם אזא מיש־מאך, אז כ'הויב נאר בא'ם אויסלאזן נישט אן צו געדענקען וואו איך האב אייגנטלאך אנגעפאנגען. אפטמאל קלאפ איך גאר צו צום טאקט מיט די פיס־טריט, גייענדיקערהייט, אדער מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס באהאלטן. די פינגער ארבעטן אינווייניק אוים די אויסגעהאלטענע פערטלען און אכטלען, אמאל גאנצע זעכצענטלען, מיט פונקטלאכע, אפגעהאקטע פאוזעס...

אט זינג איך מיר אוים א סאלא אף די לירישע אויבער־טענער, שטילערהייט, זייער לאנגזאם, אויסגעצויגן, דערנאך קומט עס גראד צו אוניסאן, ווען דער גאנצער כאר דארף זיך געבן א כאפ און אז איך ווער נאך דערביי געהאלפן מיט א גליקלאכן צופאל און ס'פארט ראפטים אן א שווערער וואגן, וואס קלאפט אומברחמנות'־דיק, טרעסלט זיך הינטער די הארטע שטיינער און מאכט גוואלדן בי צום פארטויבט ווערן — דאמאלס ווער איך שוין כמעט ווי זיכער, אז איך קאן עפענען א מויל און זיך פארגונען אפצוזינגען פון הארץ. מיין גאנצן מוזיקאלישן טאלאנט, וואס צעשפילט זיך אין מיר, בשעת מעשה, ארויסגעבן. נעם איך אף די העכסטע אק־טאוון. די העכסטע טענער אפ'ן סאמע שפיץ גארגל צי איך אוים. און אין דערזעלבער צייט קריג איך נאך צו א ביסעלע התלהבות אויך, מיט א היבש ביסל היץ — אויב דאס מאכל פעלט מיר — ווי, א שטייגער, אלע טאלאנטן. און איך פארגעס זיך דערווייל אינגאנצן וואו איך געפין זיך אין דער וויסטעניש. נעם איך צו־מאכן מיט די הענט, שוין נישט באהאלטענערהייט, אין די קע־שענעס, נאר אפן און פריי, אין דרויסן, פויזע צו מיט'ן קאפ, באוועג זיך מיט'ן גאנצן קערפער, וואס רייסט זיך נאכ'ן ריטם נאך,

און אַלע אבֿרים ווערן אָנגעפּילט מיט מוזיקאַלישער באַגייסטע־רונג. און מיין גייסט שוועבט זיך אַרום אין אַלע ליכטיקע וועלטן — אין אַלע משוגעים הייזער און טובֿל׳ט זיך נאָכדעם אין אַלע פּאַסקודנע רינשטאָקן און קאַנאַלן און...

— נאַ, זעסט עפּעס? א משוגענער יונגערמאַן. קוק, דאָרט גייט ער איינער אַליין און רעדט צו זיך, שרייט און מאַכט גוואַלדן... ער זינגט. הערסט? ער זינגט... מאַכט מיט די הענט אין דער לופט אַריין... ער פֿאַרמעסט זיך אפֿשר מיט גאָט? ביזט דען א מבֿין? קאָנסט אים נישט, זאָגסטו? מוז נישט זיין קיין היגער... נאָך גאָר א יונגס זעט עס אויס...

— א דאַגה הײַנט אַזעלכע שלים מזל׳ען? קום, וואָס טויג ער דיר? ס״מלחמה׳לע ט׳אָנגעמאַכט... איינגעזונקען זאָלן זיי ווערן... האָבן א תל געמאַכט פֿון דער וועלט... נאָך א קינד זעט ער אויס צו זיין — און שוין. מוז זיין פֿון די „יעניקע“... אַז קינדער פֿון די מאַמעס ברוסטן האָבן זיי אוועקגענומען און מיט זיי גייט מען די וועלט איינגעמען, ווי זיי פֿאַרמעסטן זיך, די כאַמעס... ווער ווייסט וועלכע מוטער ס׳וויינט נעבאָך דאָרטן...“

איך האָב דעם גאַנצן שמועס, וואָס מיין פֿאַרשוין האָט אַרויסגערופֿן, כמעט אויסגעהערט. און די האַרטע קאָמפּלימענ־טירטע ווערטלאַך און באַ׳חנ׳טע נעמען, וואָס זענען אין מיין זייט אַריינגעפֿאַלן, האָבן מיר, דעם אמת זאָגנדיק, גאָר נישט שלעכט געשמעקט. די געשיכטע האָט מיך בכלל נישט אָנגעהויבן פֿאַרדריסן. די מינדסטע באַליידיקונג נישט אַרויסרופֿן. פֿאַרקערט: כ׳האָב געלאַכט. כ׳האָב אָנגעשטעלט צוויי אָפֿענע פֿויסטן לעבן מויל און אַריינגעלאַכט אין זיי...

א חשד א ביסל. די גראָבע, אומעסטעטישע אויסדרוקן, קאָן מען זאָגן, אַזוי שאַרף, אַזוי שאַבלאָן און פֿאַרדריסלאַך, ביז... ביז דאָס קישן נאָס צו מאַכן... עס ברענט אַזוי: אַן איבערלייגונג, אַן דער קלענסטער אַריינטראַכטונג — משוגע. הע, זיי מאַכן מיך צו לאַכן, די אידענעס, זיי צווינגען מיך פּשוט צו כי־כי־קען אפֿ׳ן קול... משוגע... א קלאָג צו זייערע טאַטעס קעפּ... יאָ, האָבן אָפּנים גע־

טראפן דאס ריכטיקע ארט בא מיר. פונקט דאס ריכטיקע... אפנים, זיי הויבן מיך נאך נישט אן קאנען...

איך האב עס פונדעסטוועגן צוגענומען גאנץ ברחבהדיק. עס איז פארשטענדלאך אויך. אז א מענטשן גייט אזוי גוט, זאל ער מיט איינמאל נעמען און אוועקשענקען אזא הערלאכע שטימונג אפ׳ן חשבון וואס צוויי פארבראזגעטע אידענעס רעדן דארט? א נארישקייט. ס׳וואלט ערשט די אמת׳ע משוגעת באשאפן געווארן אין מיר...

און שפעטער א ביסל, ווען איך האב גענומען ארומקלערן טיפער די זאך, בין איך ערשט אריינגעפאלן אין דער העכסטער זעלבסטצופרידנקייט פון זיך אליין און פון אלעמען. פון דער גאנצער צעקאליעטשעטער וועלט ארום. „מ׳באמערקט דאך מיך", — האט עס אין מיר געזינגען „מ׳באמערקט דאך מיך פארט". איך צי דאך די אויפמערקזאמקייט פון אן אלטער באבען, געטרייער הימל...

מיר האט זיך פלוצים פארוואלט ארומנעמען דעם גרויסן, דעם ריזיקן וועלט־גבור, ארומנעמען אים אזוי, דעם גיגאנט, מיט מיינע דינע, קורצע הענט, און צודריקן אים, פעסט, און אויסקושן אלע זיינע ערדישע גלידער, אזש א בלאטע זאל מיר ווערן אין מויל... בלויז די ערדישע טיילן, בפירוש. ווייל אף דעם וואוין איך און דער דאזיקער טייל ברענגט מיר אריין אומבאשרייבלאכע פרייד... הַעי, דו גרויסער גולם, גיב אהער דיינע ליפן! א קוש! אזוי, א געשמאקן, אזא־א־א — מפפ!...

אבער א וואסער גדולה איז פלוצים אף מיין צעמישטן מח אנגעפאלן! א מין גייסטיקער תענוג ס׳איז צו געניסן פון דער וועלטס גוטסקייטן.. א מין הנאה.. נאר לעבן און געניסן, הערט מען? שעפן מיט ביידע הענט און ציען און זופן מיט צעעפנטע נאזלעכער דעם גרויסן רעזערוו פון דעם מענטשלאכן קוואל פון פארגעניגן. הע. מ׳לאכט זיך דאך אויס פון דער וועלט. פשוט: מ׳נעמט די וועלט און מ׳פייפט איר א וואלץ!...

מיין מוט איז געשטיגן פון מינוט און רגע. צו מיין גדולה איז שוין שיעור קיין גרעניץ נישט געווען. דער בעכער איז פול. עס רינט אזש אריבער. עס רינט אריבער, זאָג איך. איבער׳ן אויג. הארציקער רבונו של עולם! גוטער דו, ליבער רבונו של עולם, ביזט דאך אזא טייערע זאך! אזא אויסערגעוועגלאך גוטער נפשו!.. אך, ווי עס ווילט זיך לעבן. לעבן און גוטס טאָן. האָט מען דען געהערט? בלויז גוטס. וואָס דען, אז אומדאַנקבאַרער וועל איך זיין? דער וועלט, וואָס פארשאפט מיר נחת רוח, וועל איך אָפּדי־נען מיט שלעכטס? אומזיסט, מיינט מען, האָב איך פון דער ליכ־טיקער וועלט אומגעבראַכט פיער פונט ברויט מיט נישט־צעמאָלע־נעם קאָרן און שטרוי געקנעטן? אומזיסט דעם טרוקענעם קעז, דעם דאָרן, דעם ווייסן, אין מיין ריינעם מאָגן דערשטיקט? די באַ־טעמ׳טע זויערע מילך? מיך חושד זיין אין אזעלכע זאכן, אין אזא געמיינקייט, אין אזא?... האַ־האַ, כ׳בין דער בעסטער טיפּ אונטער׳ן זיידענעם האַנטיך. כ׳בין דער פיינסטער מאַן אונטער׳ן גאָלע הימל. טיילן זיך. נאָר טיילן זיך מיט עמיצן מיין הערלאַכקייט, מיין גליק, מיין אויסערגעוועגלאך גוטע לאַגע. עגאָאיזם און געלעבערטע „טרעטערס" זענען בא מיר נישט קיין צוויי באַזונדערע זאכן, הע, עגאָאיזם און געלעבערטע שיך...

צוגעשיקט. אַ שפּאַס אַ קליינעס.

עס קומט מיר אַנטקעגן אַ פרוי, אַן אומבאַקאַנטע, זי טראָגט אַ שאַל אויף די פּלייצעס מיט געלע פראַנזן און אויסגעריבענע קווייטלאך. שיך מיט פאַרריסענע נעז. איין שנורעוואַדלע איז בא איר געווען אויפגעבונדן און האָט זיך נאָכגעשלעפּט, געכאַפּט אַ שווים אין שטויב פון דער ערד.

זי טראָגט אַ קײשל מיט עסנוואַרג.

— הערט נאָר, — מאַך איך צו איר — גוט מאָרגן! גוט מאָרגן, זאָג איך אייך, אַלטע! איר מוזט נאָך, ווייזט אויס, נישט וויסן דערפון: איך פיל היינט זייער גוט, אזוי צו זאָגן. איך פיל היינט אויסגעצייכנט גוט! — יאָג איך זי איבער און פאַרהעכער דעם טאָן אויף דער גאַנצער דירעקציע, מורא האָבנדיק זי זאָל האָבן

פארהערט. איך פארשטעל איר דעם וועג און צווינג זי צו הערן מיך דרשנ'ען. איך שטיי צו איר פנים צו פנים: — ס'א טייערע וועלט, זאג איך אייך, פרײלין! ס'אן אויסגעצייכנטע ארדנונג, זאג איך דיר, יונגע פרוי! אייך איז מסתמא שווערלאך צו טראגן, וואס? הם.. שוועֶר?... אבער מיט פארגעניגן וועל איך פאר אייך... וו־א־ם? נישט שווער, זאגט איר? גרינג איז'ס? האסט דאך דא א דריי פוד קארטאפליעס אליין, אלטע בהמה, וואס איר זענט.. אנטשולדיקט: וואס דו ביזט, מיין איך... און וואו איז פארפויל־טע ציבעלעס, ליבע אידענע איינע? און פארשטונקענע אייער און... זעט, אט שאקלט זיך בא אייך אן אויג... איך בין בטבע, פארשטייט איר מיך, א מענטש מיט פליכטן... אבער אנקוקן דארפט איר מיך דאך נישט, ווייל קיין צלם וועל איך דאך נישט לייגן פאר אייך... און זייט נישט אזא אומדאנקבאר באשעפעניש... איז דען אזוי שווער מיין אמת'ע כונה ארויסצוליינען? זעט איר דען נישט איין מיין הארציקסטן, מיין אויפריכטיקסטן וואונש אייך צו העלפן? איר מוזט מיך אבער דערביי נישט אננעמען אלס אן אויסערגעוועגלאך גוטן. א כאראקטער, ווי איר פארשטייט עס, באזיץ איך אפילו נישט דעם ערגסטן, ווייל אייגנליבע איז זייער א מיאוסע מידה, ליבע אלטע, ווערטע...

א מאדנע זאך. זי האט מיך אנגעקוקט ווי עפעס א חסר דעה־דיקן און מיר קיין איין ווארט נישט אפגעענטפערט אפילו. איך האב דערפון געדרונגען, אז זי האט ענדלאך איינגעזען, אז זי האט דא צו טאן מיט א מענטשן, וואס שטייט גייסטיק העכער פון איר, וועלכן זי קאן גאר נישט באגרייפן...

הע, כ'לעב נאך? — האט מיך מיין פריינט נעכטן געפרעגט —ס'איז ווירקלאך א גרויסער אויפטו פון מיין זייט. א, מ'קאן דען זאגן נישט? „גרויס" הייסן דאך היינט פיל זאכן. אויסרעכענען נעמען? א גרויכע קוניץ. גרינגער, דענק איך, איז א געוויסן זין, ווי אפצושניידן א באָרד פון א אידישן סיים דעפוטאט. הע, הע, ס'איז וואונדערבאר.

איך הויב אן קלערן וואוהין מ׳גייט.

און אט זענען די צייטונגען אנגעקומען.

קליינע צייטונגס־יונגלאך האבן מיט הילכיקע קולות גענומען אויסשרייען אידישע און פוילישע צייטונגען.

נייס. נייס. נייס.

א ביטערע פיל.

„נאך א פיל־שעה׳דיקן גאסן־קאמף איז דער באלשעוויס־טישער קאוואלעריע געלונגען צו באהערשן ווילנע — אבער נאר צייטווייליק; אונזער מיליטער ציט זיך צוריק אין פולן ארדנונג אין דער ריכטונג צו פון גראדנע. אף אלע איבעריקע פראנטן — אן וויכטיקע געשעענישן...“

די גאסן ווערן געדיכטער. סשטייען רעדלאך, כאטש מ׳טאר נישט. מ׳רעדט פאליטיק, כאטש ס׳איז פארבאטן. די שעה׳ן ברע־נען. ווען? ווען שוין... מ׳ווייסט דער שונא דערנענטערט זיך. מ׳הערט זיינע גוואלטיקע נצחונות אף אלע פראנטן. עס העלפט נישט די צענזור. די שטרענגקייט. מ׳ווייסט אלץ. נאך מער ווי אלץ. און מ׳ריכט זיך. ס׳אן אומפארמיידלאכקייט. אלע גיבן צו. אבער די שעה איז צו לאנג. ס׳געדולד קליין. אן ענדערונג זאל קומען. פטור ווערן פון אזא פינסטער לעבן. פון אזא נודנע, דערעסן לעבן.

סוד׳עט מען זיך. גיט מען איבער איינער דעם אנדערן. ווילנע געפאלן? — געפאלן! א וויכטיקער פונקט. א הויפטשטאט, א קלייניקייט? ווילנע. ווילנע געפאלן...

שטילערהייט רעדט מען. מ׳האט מורא, הגם מ׳איז שוין הפקר געווארן. מ׳קוקט אוים דעם שונא. יא. פאר א הערשאפט פון „ווילדע אזיאטן“ איז מען. מען גלויבט זיי נישט, די דעמאגאגישע נשמות. די געלונגענע אגיטאציעס זייערע. מ׳קאן די פראפאגאנדיסטן און פאגראמען־העצער. מ׳ווייסט זייערע בלוט־פלעקנדיקע פלענער.

וואס איז? ווינציק אנגעלערנט? ווינציק קרבנות געקאסט?

ארבעטסלאז און נע ונד זענען זיי, די ברעקלאך מענטשן, וואס שטייען דא. וואלגערן זיך ארום אין דער פרעמדער גרים. אין אלע

קעלערס. אַף אַלע בוידעמער. אין אַלע מויזנלעכער. וואָס וויל מען פון זיי ?...

איך רוף צו אַ צייטונגס־יונגל און הייס מיר געבן אַ בלאַט. יענער דערלאַנגט מיר דאָס געוואונשטע. איך גיב אים אַ צען־מאַרק־שטיק און וואַרט אַף רעשט. דערווייל נעמט זיך יענער קראַצן און גראַבלען אין זיינע הויזן־קעשענעס, אַז אַ חלשות גייט זיך אָן. איך פאַרליר דאָס געדולד, עפן אויף דאָס בלעטל און נעם מיר באַ־קוקן די קעפּלאַך: — אהא, וואַזשנע נייס! אין דער אמת'ן וואַ־זשנע... איך הויב זיך אָן לאָזן אַוועקגיין.

דאָס יונגל אָבער באַמערקט עס. און האָט, זעט אויס, גאָר נישט בדעה צו לאָזן זיך. ער לאָזט זיך מיר גלייך נאָכלויפן מיט דעם איבעריקן געלט אין האַנט און שטופּט עס מיר גלייך אין די אויגן אַריין:

העי, ס'פאַרגעסן ס'דראַבנע. ס'מאַגעגען צען מאַרק. ס'מיינט עפּעס! כ'דאַרף עס נאָך נאָכלויפן... זאַ־אַן מאַמען אַריין...

אפנים, אַז דער קליינער שנעק האָט מיך גאָר גענומען אויפ־רעגן:

— דו אַזוינער און אַזעלכער, — האָב איך אַף אים גענומען שרייען — דו געמיין יונגל, וואָס די ביזט! גרויסער יונגאַטש מיינער! ווי קומסטו עפּעס צו מיר מיט אַ האַנט פול מיט מאַרקן? שענקסט מיר? טראָג זיך שוין אָפּ באַצייטנס, בעל נדבן מיינער! קלויב צענויף דאָס פּעקל ביינער און מאַך פּליטה, ס'ט'געהערט? און זע בעסער ווי שמוציק דיין האַנט איז... און פאַרוואָס שערסטו נישט די נעגל? — האָב איך דעם ביזן טאָן אויסגעביטן אַף אַ פּאַטערלאַכן און מוסר־מעסיקן — מיינסטו טאַקע ס'קומט צו געזונט פון אַזאַ האַלטן זיך?... דיין טאַטע מוז געווים אין וועלכער מלחמה זיין, האַ? — האָב איך אַלץ מער מיטלײַדיק צו אים גערעדט — די מאַמע איז געבאַך אָרעם, וואָס? שיקט זי ס'קינד פאַרדינען, ע? אַ יונגעלע, אַ צוציקל. עך, טשאַרט!... ווי אַלט, זאָגסטו, ביזטו? — גיב איך אים פּלוצים אַן אומגעריכטן כאַפּ אָן, כאָטש דאָס אָרעמע נפש'ל האָט איצט געקאָנט טראַכטן פון אַלץ אין דער

וועלט, חוץ פון די יאָרן זיינע — אָ־וואָ, א מלחמה־טראגעדיע, קינד מיינס... — אָבער ווי נעמסטו עפּעס די העזה מיר נאָכצולויפן מיט א גאַנצן פּאַק מארקעס, דו קליין נישטל! דו אויסגעלאסן בריאה׳לע הארציקס!... הייסט, נעמסט מיך אף זיכער? איך קאָן דיך דען? אף מיין וואָרט, הערסטו, קינד מיינס, ווי איך קאָן דיך גאָר נישט... נו, שוין גענוג פאר דיר? א וואָסער סוחר ביזטו עפּעס? — האָב איך מיט דעם ערנסטן טאָן, געמישט מיט פּאטאס־טראָפּן, צוגע־גענבן — געדענקסט דען נישט, איך האָב דיר געגעבן פאר דער צייטונג פּונקט וואָס דיר איז געקומען? קיין איין פּעניק נישט מער, ווי דו קוקסט מיך אָן א צעדולטן!... אפשר נאָך ווינציקער עפּעס. וואָסזשע שטייסטו? צייל איבער!... ווער ווייסט וויפיל ער לייגט צו א טאָג צו זיין ארבעט! — האָב איך אים אזוי אויפ־ריכטיק גענומען באדויערן, אז איך בין אין גאַנצן אריין צו גלויבן, אז די זאַך איז ווירקלאַך אזוי פאָרגעקומען. — האָסט א מאמען, יונגעלע? דער טאַטע דיינער לעבט נישט, וואָס?, וואו, זאָגסטו דער׳הרגע׳ט געוואָרען? אין דער רוסיש־דייטשער מלחמה? פאר־וואָסזשע האָסטן אים געלאָזט גיין, דו קליינער פּעמפּאַק, דו? דו קליינטשיק היפּאָקריטל! — גיב איך אף אים נעבאַך דעם העכסטן געשריי — האָסט אים בשום אופן נישט באדארפט לאָזן גיין, הערסט? פארשטייסט דען נישט, וואָס איך רעד צו דיר?...

דאָס טייערע קינד איז נעבאַך אזוי צעמישט געוואָרן פון מיין באנעמונג, אז איך זאָל אפילו צו אים געוועזן רעדן אף ריין טערקיש, וואָלט ער מיך, אסור חזיר, געוועזן פארשטאַנען א וואָרט..

„אָבער גוט אזוי" בין איך אזש צופרידן געוועזן פון אומבא־גרייפלאַכן פארדרוס, „א מצוה אף אים"! א געוואגטקייט: נעמען און מיך נאָכיאָגן מיט עטלאַכע נישטיקע פּאפּירלאַך... הע, געלט גיט ער מיר. געלט. דאָס איינגשאַפט וואָס איך האָס אזוי פון מיין קינדהייט אָן מיט מיין גאַנץ הארץ... פּע, טראַכט איך, א מיאוס אנטיקל, זייער א העסלאַכס...

ערלאַכקייט גייט ער מיר גאָר היינט ארויסברענגען. און איינ־פאל: א גאנצע גאָס איבערצולויפן כדי א פּאָר נישטיקע מארקן

מיר צוריקצוגעבן, וואס שפילן איצט בא מיר אזא קליינע ראליע, גאר קיין ראליע נישט... ניין, יא, גוט זיין מוטער, די וויסטע אלמנה דארט, וועט האבן א פאר איבעריקע גראשן. וואס איז? פאסט נישט? געטראפן אן עולה, נו...

„ער זאל עס נאר נישט פארשפילן אין קארטן" — איז מיר א נייס איינגעפאלן. אטא די ציימונגס־יונגלאך האבן זייער שלעכטע געוואוינהייטן: שפילן. נאר זיי שפילן. און וואס איז דער וואונדער? ווער גייט שוין ארום ציימונגען פארקויפן? די ארעמסטע נעבאך. די, וועלכע די נויט דריקט צום מערסטן, צום שטארקסטן. א יונג קינד, א יתום, וואס ווערט פרי זעלבסטשטענדיק, ווייל קיינער האט אף אים נישט אכטונג צו געבן. דער פאטער איז ערגעץ וואו אין הימל, אדער אין ד'ערד. די מאמע איז פארנומען מיט די איבעריקע קינדער, מיט די קלענערע, וואס ער, דאס ציי־טונגס־יונגעל, אליין א קינד נאך, שפייזט נאך מיט זיינע. פאר פארדינטע גראשנס. א פארדינער איז ער. א גרויסער מענטש ווערט ער פאר דער צייט. ער ווערט „רייף", ווייל די אומשטענדן צווינגען עס אף אים ארויף. אליין א באלעבאס איבער זיך. יונגער פארשטאנד. קינדערישע געדאנקען. איז א וואונדער וואס זיי ווערן צעלאזן? „ער וועט עס זיכער פארשפילן". און איך בין שוין כמעט באלד גרייט געווען אים נאכצולויפן און אניאגן (ווייל ער איז מיר פארלוירן געווארן אומבאמערקטערהייט פון אונטער די הענט אפיר) און געבן אים א הארבע ווארנונג, ער זאל נישט דערוועגן צו נעמען א קארט אין האנט אריין, נאר אלץ דער מאמען אפגעבן, למען השם, נישט אנדערש זען צו טאן, הערט ער? ווען נישט? אהא, אז נישט? — יא, וואסזשע וועט טאקע ז־ז־ז...

— העי, פאניע, מלאדי פאן, פאניע איקס — x, אן אבלאווע! אויב איר זענט עפעס.. ע־ע.. ווי הייסט ער... שנעל, באהאלט זיך!...

א יונג אומבאקאנט מיידל האט מיר די ווארנונג געגעבן. זי האט מיך נישט באדארפט קאנען. מ'האט געוואוסט. מ'האט גע־טראפן: א יונגער בחור, א פרעמדער, א צוגערייזטער, היינטיקע צייטן — א „האז"...

הוי, נו וואָסזשע שטיי איך...

אָנפאַנגס האָב איך אפילו נישט אינגאַנצן באַנומען וואָס דאָ גייט פאָר. איך בין מיר אַזוי פיין פאַרנומען מיט'ן אויפזוכן דאָס צייטונגס־יונגל און דערלאַנגען אים אַזאַ געזונטע פּאַרציע, לּמאַי ער שפּילט עפּעס אין קאָרטן, דאָ — מלאַדי פּאַן, פּאַניע איקס!... הי־הי, מ'דאַרף שוין גאָר קיין שענערן הולך נישט טראָגן דעם נאָמען „פּאַן„ צו פאַרדינען.

איך הויב אָן באַגרייפן די לאַגע. א קלאָג, מען דאַרף דאַכט זיך מאַכן פּליטה. אָבער וואָסזשע הייסט דאָס ווידער? פּונקט אין אַזאַ צייט, ווען מיין לאַגע האָט זיך אַף אַזאַ אופן געבעסערט? אַף אַזאַ טעמפּעראַטור געהויבן? מיט איינמאָל — און ס'וועט זיין אויס מיט דער גאַנצער גדולה... ניין, איך וויל עס נישט.. אַז מיר הויבט זיך נישט אָן לוינען דער גאַנצער עסק. מנע, א שנעל־צוג מאַכן... אָבער... אָבער וואוהין לויפט מען איצטער? צו מיר אַרויף איז צו ווייט, אַן אוממעגלאַכע זאַך. איז, בלייבט, אַלזאַ, האַ, זאָגסטו?... צו ווייט, נישט?... וואוהין זשע... הם, ווי מאָדנע, גאָר נישט באַמערקט: אָט שטיי איך דאָך כמעט לעבן די סאַמעטס הויז. א פּאָר טריט בלויז. עטלאַכע שפּריין. מ'דאַרף אינגאַנצן מאַכן איינס — צוויי — דריי — און שוין געראַטעוועט, זעסט? שוין געראַטעוועט. אַבי מ'האָט געמיינט... מ'זאָגט אָבער אַלע מאָל, אַז מ'לאַכ־כ...

און גאַנץ אומדערוואַרטעט:

— העי, סטאַוי! שטיי דאָרטן!

שוין צו שפּעט געווען. א פּאָליציאַנט איז מיר אַנטקעגן געקומען פון א זייטיק געסל און מיך אָפּגעשטעלט. איך בין געבליבן שטיין א געפּלעפטער. די קאָלירן אין מיין פּנים, האָב איך אינ־סטיקטיוו דערפילט, האָבן זיך געביטן, נישט קאָנענדיק זיך גלייך באַהערשן. אָבער באַלד האָב איך געמאַכט אַן אומגעהייערע אָנ־שטרענגונג. איך האָב זיך געשטאַרקט און געגרייט זיך צום קאַמף, ווי מ'מעג מסתמא זאָגן. געגרייט זיך צו א קאַמף, וואָס, דעם אמת געזאָגט, איך אַליין האָב שטאַרק געצווייפלט צי איך וועל געווינען.

א כיטרער יונג זעט ער אוים צו זיין. שלעכט: אן אויסגע־
קרומטע נאָז האָט ער.

— העי, שטיין דאָרטן! ביטע שטיין!

שטיי איך. א ברירה האָב איך שוין איצט? ער טראָגט דאָך
א ביקס אפ'ן ארם. דערווײַלע קומט ער צו נענטער און הויבט אן
זייער איידל:

— האָט דער פאַן קאַוואַליער אפשר א לעגיטימאַציע בא
זיך?

וואָס זאָגט מען צו זיין קאָפּ?

— נו, — ענטפער איך זייער קלוג און געקינצלט — געוויס
האָב איך...

געפעלט עס אים נישט. די געמאַכטע צוקערדיקע רואיקייט
באַמערקט ער, דאַכט זיך, ווערט ער בייז:

— ווייזן!

א, ביטע זייער: דאָ איז'ס!...

ווערט ער גלייך ווייכער. ער זעט שוין מסתמא איין, אז
ער האָט דאָ נישט אַנגעטראָפן פון די יאָלדן...

— ווי איז מיין נאָמען?

זאָג איך.

— פון וואַנען בין איך?

— פון דאָרטן און דאָרט...

— פאַוויאַט?

— אזא און אזא...

— ווי אַלט?

— אזוי פיל און אזוי...

— אין וועלכן יאָר געבוירן?

— אין דעם און דעם...?

— וויפיל־זשע אַלט בין איך?...

זאָג איך נאָכאַמאָל.

— ווי הייסט דער טאַטע?

— ! !

— די מאמע ?

— ! !

— ווי אלט איז יעדער פון זיי ?

— די מאמע ?...

— ביידע !

מילא, כ'געדענק גוט. זאג איך אים.

נאכאמאל: — ווי רופט מען מיך ?

זאגן אים: ווי מ'האט מיר א נאמען געגעבן ? ער וואלט אפשר מער נישט געוואלט איצטער.

— באשעפטיקונג ?

זאג איך.

— וואס טו איך דא ?

— געקומען זוכן ארבעט.

— פון וואנען ?

ענטפער איך ווידער.

— וואו וואוין איך ?

אט נישקשה'דיק פון א פראגע. אפשר וואלט עמיצער גע־קאנט אזוי גוט זיין און מיר זאגן וואו איך וואוין ?...

— וואו איך וואוין ?...

— יא ! — ווערט ער אויפגעלעבט — וואו וואוינסטו?

גייט ער שוין איבער אף „דו". א גלייכן שפרונג געמאכט פונ'ם „פאן קאוואליער" אראפ...

— הא?... הע, יא.... וואו כ'וואוין? — כ'וואוין... דריטע מאי גאס, נומער... ע... נומער 18...

— בא וועמען ?

נו זאגט אים פארט בא וועמען איך וואוין... איך ווייס עס דאכט זיך אזוי גוט, ווי, אידן עסן אין ארץ ישראל פייגן מיט געפילטע פיש צום אנבייסן. און א וואסער רוח האט אים אנגע־טראגן אהער ? ער שטייט און דונערט און וויל מיך דורכאויס ארייַנקריגן.

— פארוואס ענטפערסטו נישט, איד? באַ וועמען וואוינסטו?

גערעכטער פאָטער אין הימל, מ׳דאַרף דאָך עפּעס פאָרט צו־טראַכטן. שטיי מיר ביי!...

— יאָ, וואו איך וואוין, פרעגט ער?... דריטע מאי גאַס, וואוין איך... נומער 18, וואוין איך...

— דאַס ווייסט ער שוין. ער פרעגט: באַ וועמען?

— אזוי גאָר? באַ וועמען? פאַרוואָס האָט ער עס פריער נישט געזאָגט? נו, באַ וועמען? באַ פּאַן, ע... באַ פּאַן.. ע־ע... סקולסקי... יאָ, באַ אים... ער קאָן אים דען נישט?...

אָט אַן איינפאַל פון אַן עכט פּוילישן נאָמען און פון היינטיקן פּרעמיער דערצו. אויב ער ווייסט גאָר, דער כאַם, ווי זיין פּרעמיער הייסט... אפשר צעמישן דעם גראָבן קאָפּ דערמיט...

— ווי, סקולסקי? אַ פּאָליאַק? — ער קאָן זיך דאָס גאָר נישט צו גלויבן — און וואָס איינגנטלאַך בין איך? — קוקט ער אין פּאַספּאָרט אריין.

— אַ איזרעאַליט בין איך. איזראַעליטאַ׳ן!!...

ווי גוט איך האָב דאָס דאַמאָלס געוואוסט און געפילט.

— אַ זשיד! — האָט ער מיין גרייז פאַרבעסערט — זשידעם יעסטעשׂ!...

— איז בין איך, מאַ וואָס? געפעלט דיר נישט?

די מעשה האָט מיך אָנגעהויבן פאַרדריסן. וואָס פאַר אַ מין שפּיל מיט אים? איך קאָן אים, חוץ אַלע גליקן, האָבן אין דער טיפער אדמה. ווייל נישט קוקנדיק וואָס איך בין אזוי ווייניק פאַרביסן־נאַציאָנאַליסטיש געשטימט און גאָר נישט רעלי־גיעז — האָט מיך דאָך פאַרקלעמט פון פאַרדרוס... מיין נאָמען, מיין אָפּשטאַמונג צו לאָזן טרעטן מיט די פיס, באַשמוצן פון אזעלכע גראָבע ליפּן? שטעכווערטלאַך אויסהערן פון אזא נבלה?

— הער אויס, מיין טייערער, — נעם איך דערביי אַן די גרויס־אַרטיקע מינע — אויב דו ווילסט מיך דאָ נעמען אַף אַ קרייץ־פאַר־הער — זייער גוט. האָסט אַ רעכט דערצו מיט באַפעלן און איך בין פאַרפליכטעט דיר צו ענטפערן צו דער זאַך, הערסטו? אָבער

נאָר צו דער זאַך. אויב אָבער דו וועסט אויסנוצן דיין פּאָליציייסקע מאַכט און מיך שלעכט באַהאַנדלען און רעדן צו מיר גראָבע ווער־טער, וועל איך זיך נישט אָפּשרעקן פאַר דיינע מעשענע קנעפּלאַך, וועל דיר נישט ענטפערן אפילו, דיך לאָזן שטיין און אַוועקגיין !.. האָסט, גלויב איך, מיך פאַרשטאַנען. איצט פרעג, וואָס נאָך דו ווילסט...

איך וויל זיך גאָר נישט צוגלויבן, אַז מיין מויל רעדט דאָס. איך שטיי און קוועל פּשוט אַז פון זיך אַליין...

הע, נאָר נישט געלאָזט זיך. נאָר אָנגעהאַלטן פעסט די אַמ־ביציע. דאָס וועט ברענגען דרך ארץ צו דיר.

עניות און געפּאַלנקייט וועט ברענגען שפּאָט און חוזק צו דיר!..

מיין דריייסטער ענטפער, מיין שטאָלצע, כמעט חוצפּהדיקע האַלטונג, וואָס די לייט זענען גאָר דאַמאָלס נישט געוואוינט געווען צו זען, האָט אויך איצטער איר גוטע ווירקונג געהאַט. ער איז געבליבן עטוואָס געפּלעפט. ער האָט דאַכט זיך שוין אָנגעהויבן מיר צו גלויבן אָדער גלאַט מיך ווערן.

נאָר אָט קומט דאָס שווערסטע:

— פאַרוואָס בין איך נישט געמאָלדן ?

הערסט ? ווידער אַן איינפאַל. פאַרוואָס איך בין נישט גע־מאָלדן גאָר. הם... הם... וואָסזשע זאָגט מען אים ?...

— פאַרוואָס איך בין נישט געמאָלדן, פרעגט ער ?

— נו, יאָ — זאָגט ער — וואָס וואונדער איך מיך אַזוי ? כ'וויים עס דען נישט אַליין ?

— אויב איך וויים עס ? הער: שוין צופיל חסר דעה'דיק איז ער, דער געשעצטער „קאַנאַריק". ווי געשיקט זיך עס איך זאָל נישט ווייסן וואו איך וואוין, אָדער פאַרוואָס איך בין נישט געמאָלדן נאַטירלאַך, וויים איך עס גאַנץ גוט, זייער גוט. ס'אַ פראַגע ? אָבער...— באַקום איך פּלוצים מוט פון דעם נייעם געדאַנק — צי ווייסט ער דען נישט, אַז איך בין ערשט נעכטן באַנאַכט אָנגעקו־מען ?... ווען האָב איך אייגנטלאַך צייט געהאַט זיך איינצומעל־דעווען ? ער פאַרשטייט דאָך מסתמא די זאַך..

— ער — פארשטייט גארנישט! זיין דינסט: אז אומגע־מאלדענעם קומט צו ארעסטירן. איך וועל מוזן אזוי גוט זיין און זיך מיט אים מטריח זיין אין פאליציי־צירקל. מעגלאך, ס'איז טאקע גארנישט. נאר כ'וויים דאך: „דינסט". אלזא, מ'גייט!...

איך האב מיטאמאל דערזען, אז איך האב דא צו טאן מיט א דורכגעטריבענעם יונג, א מזיק. איך האב פארשטאנען וואס ער מיינט און צו וואס ער צילט. און דאס נישט מחמת גרוים קלוג־שאפט, ווי מחמת געניטשאפט אין דעם פאך... און ס'איז שוין רעכט געווען...

בא'ם אוועקגיין האט ער מיר נאך אנגעזאגט און געווארנט, ווי אן אמת'ער פריינט, — פאר א שטיק „לאפואווקע" — אז איך זאל זיך נישט דרייען אין גאס צופיל, ווייל זיי האבן שטרענגע באפעלן ארויסבאקומען....

זיינע גוטע עצות זענען מיר שוין פון איין אויער דורכ'ן אנ־דערן איבערגעגאנגען. איך האב שוין געוואלט זיין דריי איילן פון אים אוועק, כאטש צוריקרעדנדיק האט ער מיר נישט קיין קליינע טובה געטאן. אמת: פאר'ן כשר'ען גראשן. אבער גוט, אז ער האט שכל. פונדעסטוועגן בין איך מיט א גרינגער הארץ אריין צו די סאמעטס.

אף דער שוועל פון די סאמעטס הויז איז מיר בלויז איינגע־פאלן: „אט אן וועמען מיין פרייהייט, מיין גאנץ לעבן הענגט אפ"!...

# X

באַ די סאַמעטס בין איך שוין מער ווי אַכט טאָג נישט געווען. אַ ביסל דערפֿאַר, ווייל איך האָב זיך נישט געאײַלט אַזוי אַהין צו גיין און אַ סך אויך צוליב די לעצטע שווערע, אומאויפהערלאַכע אַבלאַוועס אין שטעטל. כעלאַ איז שוין זינט איינִיקע וואָכן געווען אוועקגעפֿאָרן אַ היים, צו אירע עלטערן. און מיט מיר איז כמעט די גאַנצע געזעלשאַפֿט־היימלאַכע שטימונג פֿון דעם הויז פֿאַר־שוואונדן. אַ שטאַרקן טרויער און פּוסטקייט האָט זי נאָך זיך איבערגעלאָזט, וואָס האָט זיך אין פֿאַרקערפֿערונג פֿון שוואַרצע שאָטנס אין די ווינקלען פֿון שטוב צעלייגט. די גאַנצע גרופּע, חברה יונגוואַרג, האָט, גלייך נאָך איר אַרויסטרעטן פֿון הויז, אויפֿגעהערט צו קומען. איך בין אפשר דער איינציקער געווען, וואָס האָט זיך נאָך צייטנווייז צו זיי אַרײַנגעכאַפּט. מיר האָט נישט געפּאַסט אַף אַזאַ דירעקטן אופֿן אַרויסצואַווייזן, גלייך מיט אַלע, אַז דאָס גאַנצע קומען אַהער איז נאָר געווען צוליב כעלאַ'ן. כאָטש איך וויל דאָ אויפֿריכטיק דערקלערן, אַז קיין איינציקער פּערזאָן פֿון אַט־דער פֿרידלאַך־פֿאַרשלאָפֿענער פֿאַמיליע סאַמעט האָט מיך נישט אַזוי שטאַרק פֿאַראינטערעסירט, וואָס זאָל געווען נויטיק מאַכן מײַנע באַזוכן.

מ'קאָן נישט זאָגן, אַז די סאַמעטס זענען צו מיר געווען קאַלט און גלייכגילטיק. ניין, זיי האָבן מיר, פֿאַרקערט, אַלע מאָל די גרעסטע פֿריינטלאַכקייט און העפֿלאַכקייט אַרויסגעוויזן. ווייל מיט אַלע האָב איך כלומרשט געלעבט ווי אויסגעצייכנט. אפֿילו מיט דער אַלטער באָבען — מײַן פֿריערדיקן ערגסטן שונא — איז מיר אויך געלונגען אַ מין פֿריינטשאַפֿט צו שליסן, אַ בונד, אָדער גאָר אַ סעפּעראַטן אָפּמאַך, האָט מען עס געקאָנט אָנרופֿן, און וועלכער

זייטיקער פארמיטלונג. גאנצע שעה'ן בין איך מיט איר אפגעזעסן און איינגעטענה'ט. עס איז געווען א פארגעניגן צו הערן אירע לעגענדארישע מעשה'לאך פון דער פארגאנגענהייט. אירע פערזענ־לאכע באגריפן, אפשאצונגען און איבערלעבונגען... און ווי שיין און געלאסן זי האט עס דערציילט...

פון דער „פאווסטאניע" האט זי מיר דערציילט. פון יענער היסטארישער צייט, ווען פוילן איז קעגן דער רוסישער הערשאפט אויפגעשטאנען מיט געווער אין האנט... קעגן דער צוואנג... קעגן די אומדערבארעמטע גזירות... די שלאכטן וואס זענען צווישן זיי פארגעקומען.. דאס גרויסע בלוט־באד... זי האט עס אליץ מיט אירע אויגן צוגעזען... אין א דערבייאיקן דערפל האט זי דאמאלס צוזאמען מיט אירע עלטערן געוואוינט. איז נאך גאר א יונג מיידל געווען. כמעט א קינד. פופצן־זעכצן יאר... האט שוין אבער א סוד פון אירע עלטערן געהאט באהאלטן... און אנגע־רירטע סטרונע... יוזשיק איז געווען אזא געזונטער... אזא הויי־כער... אזא שיינער... האט געקאנט אזוי שיין שפילן אף דער הארמאנקע...

און זי געדענקט עס ווי היינט:

„ס'רייטן דורך די קאזאקן. א גאנצע באנדע מיטאמאל. זיצן אף די ווילדע פערד, קוקן, זוכן, נישטערן מיט די אויגאנעס, וואס זענען פארגאסן מיט בלוט און מלחמה גלאנץ.

פרעגן אונז: „יעווריעאי, גדיע פאליאקי נאכאדיאטסיא? אוטיע־קאלי? נא קאקאי סטאראניע? —

אף וועלכער זייט — האט עס געהייסן. נו, האט מען געמוזט זאגן, — דערציילט זי — אז נישט האט מען געסטראשעט: שיסן!

— סטריעליאט בודיעם! א ברירה געהאט?„

דערנאך זענען ווידער די פאליאקן אונטערגעקומען. יענע סטראשידלעס ווידער. זיי האט מען גאר נישט געקאנט צופרידנ־שטעלן. האבן נאר איין קול געשריגן: מ'נארט זיי. מ'האט א ספעציעלע אורזאך זיי צו נארן...

*— Widzieliscie kazakow tutaj? — Klamstwo, zydzie!*

*— Wy juz wiecie!... — W zydowskich chalupach sie schowaja... Moskali, hordy... psia...*

„נו, אויך גוטע צייטן געווען. זיי האָבן שוין אָבער געהאַט צו זינגען, די פּאָליאַקן. ווי די פליגן האָט מען זיי אויסגעלייגט. גאַנצע קופּעס טויטע האָבן זיך אַף די פעלדער געוואַלגערט, אין די וועלדער... איינס אַף דאָס אַנדערע זענען זיי געלעגן. איינס אַף דאָס אַנדערע... ווי מ׳שניידט היי מיט קאָסעס, אַזוי האָט מען זיי געשניטן. ווער קאָן דען אויסדערציילן... אַ פּאַסקודנע שטיקל אַרבעט! — האָבן זיי געקלאָגט, די שטייפע יונגאַטשעס — ווי די הינט געוואָיעט.

איך, ווידער, האָב איר דערציילט פון דער היינטיקער וועלט, מיט די ציוויליזירטע שטיק, מיט די גוואַלטיקע חכמות און אויפטועכצן. די טוירן פון אַלע וויסנשאַפטן פאַר איר געעפנט און געליגנערט אַף וואָס די וועלט שטייט. אָבער נישט אַזוי לייכט איז׳ס מיר אָנגעקומען. ווייל אַטאַ די אַלטע האָט זיך נישט געלאָזט אַזוי אין זאַק אַריינגנעמען. און דאָס, וואָס איר האָט זיך דאָרט נישט געלוינט, האָט זי מיר, איינפאַך, נישט געגלויבט און אָפן מיר עס אַרויסגעזאָגט.

צום שווערסטן פונקט בין איך מיט איר געקומען, ווען כ׳האָב באַרירט די טעמע: „מענטשן„. דערהערט איינמאָל, אַז מיר — זי און איך — שטאַמען גאָר אַרויס און האָבן זיך אַנטוויקלט פון אַ מאַלפּע, איז זי אַן אָנגעצונדענע געוואָרן און דאַמאַלס טאַקע איז דער שאַרפסטער קריזיס אין אונזער פריינטשאַפט פאָרגעקומען — מיט אַ גוטן סוף...

מיט בראָניאַ׳ן, כעלאַ׳ס שוועסטער, האָב איך, ווי פון אָנפאַנג אָן, זייער גוט זיך פאַרהאַלטן. און אויך מיט איר מאַן, פאַניע סאַמעט. אַ מאָדנעם איינדרוק האָט עס אַף אַ זייטיקן געקאָנט מאַכן זייער צוגעלאָזנקייט און ברידערלאַכן צוטרוי צו מיר, זייער חבֿרישקייט, וואָלט איך געזאָגט, נישט געקוקט אַף דעם היפּוך פון יאָרן

צווישן אונז. נישט איינמאָל איז מיר, בײַ נישט ווייניק אומאָנ־גענעמלאַכקייט, אויסגעקומען זייערן אַ סכסוך צו שליכטן, אַ גע־רעכטע טענה איינעם צוגעבן, אַ האַרבע שאלה פּסק'ענען... און מערקווירדיקער פון אַלץ: זיי זענען כמעט שטענדיק געבליבן צופרידן און מיך געפאָלגט. און ווען איך האָב זיי אומצייטיקע מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זיי שטעלן מיך אין אַ שלעכטער לאַגע צווינגענדיק מיך צו מישן זיך אין פאַמיליע־ענינים, בפרט נאָך בײַ פרעמדע מענטשן, האָבן זיי מיך גוטמוטיק אויסגעלאַכט און בפירוש מיר פאַרזיכערט, אַז זיי האַלטן מיך לחלוטין נישט פאַר קיין פרעמדן און מיינע „פריינטלאַכע" עצות נעמען זיי גערן אָן... אין האַרצן האָב איך קענען אָט די גוטע מענטשן געזינדיקט: איך האָב אָפּגעלאַכט פון זייער נאַאיוויטעט און וואוילקייט...

און נאָך אַ שטיק האָב איך אָפּגעפּראַוועט: דאָס קינד.

צוליב דעם נפש'ל מיט'ן פאַרראַצטן נעזל בין איך עס הויפּט־זאַכלאַך אַריינגעקומען. אַז איך האָב איינפאַך נישט געקאָנט לעבן אָן דעם בריאה'לע מיט דעם קינדיש־באַ'חנ'טן, קיילעכדיק־נאַאיוון פּנים'ל. וואָס איך האָב פאַקטיש אָנקוקן נישט געקאָנט. און ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן האָט עס מיט'ן קינדערש'ן אינסטינקט דערפילט, אַז מיין ליבשאַפט דערצו איז נישט מער ווי אַ געמאַכטע — אַ פאַלשקייט. און ס'האָט זיך דערוויייל טאַקע מיט מיר אָפּגערעכנט אויף אַן אַנדערן שטייגער, אויף אַ קינדיש־אומשולדיקן שטייגער.

האָב איך עס געפּרוואוט אַמאָל אויף דער האַנט נעמען, צו שפּילן זיך דערמיט אַביסעלע, צו וועלכן איך האָב זייער אַ גרויסע מסוגלקייט, האָט מיר שוין קיין צרות נישט געפעלט. אפשר האָב איך ווינציק געהאַט, האָט עס מיר דערלייגט. „שאַ", — האָט עס מיר געזאָגט — נעם צו, ברודער, שטילערהייט, און רעד נישט! נאַדיר און וויין נישט! באַקלאָג זיך נישט, אַז די וועלט איז קאַרג פאַר דיר — האָט עס מעכאַניש מיר צוגעוואונקען — זאָג נישט... לעבעדיקע שטיקער האָט עס פון מיר געריסן. געצופּט מיך, גע־קניפּן, געקראַצט מיר די נאָז מיט דער פאַרזויערטער צורה, אַריינ־

געקראָכן מיט די קליינע פינגערלאַך אין די נאַזלעכער און מיך שיעור ניש וויפיל מאָל צעממית'ט. געקלאַפּט מיר איבער די אויגן־דעקלאַך, איינציקע האָר פון די ברעמען געריסן און מיך, צום לעצט, נאָך אַ היבש ביסל נאָס געמאַכט אויך...

אַ נקמה פון אַ קינד, זעט מען דאָך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַריינקומענדיק איצטער צו זיי, האָט מיך גלייך אָן אומהיימלאַכע שטימונג באַהערשט. אַ שטילע, טיפע מרה שחורה איז איבער'ן גאַנצן פאַרנעם פונ'ם שטובל געלעגן אויסגעגאָסן, וואָס מוז אייך גלייך, אַזוי ווי איר עפנט נאָר די טיר, אַזוי ווי איר קומט נאָר אַריין, אין דער נשמה אַריינדרינגען... אַ טויטע פוסטקייט — אַ צייכן פון טרויעריקע געמיטער. דער שאָטן פון דער צייט... דער געשפּענסט פון פּחד שוועבט דאָ אַרום... שוואַרצע, ערדישע געשטאַלטן, מוטלאָזע, פליגללאָזע, איבערגעשראָקענע קראַנקע, מיט האַרץ־פעלערן; דורכגעליטענע, צעבראָכענע, וועלכע האַלטן אין איין לעבן און האָפן אויף דעם קומענדיקן. ערגערן... מ'ריכט זיך. מ'זעט עס כמעט פאַר די אויגן, דאָס שוידערלאַכע, אומפאַרמיידלאַכע... די נעניטשאַפט האָט דאָך שוין אַזוי טייער געקאָסט... אַזוי פיל לעבנס... און וויפיל איז אַלץ דער שיעור...

בראָניא מיט דער אַלטער זענען אין אַ ווינקל שטוב געזעסן, לעבן אויוון, און פון אַ זעקעלע אין אַ גרויסער וואַש־שיסל אַריין פעדערן געפליקט. פאַטשיילעס אויף די קעפּ, כדי די פעדערן זאָלן נישט אין די האָר אַריין.

איך בין אַריינגעקומען זייער שטיל. אויס דרך ארץ און גרויסמוטיקייט. ווייך און געלאָזן די טיר געעפנט און פאַרמאַכט. זיי האָבן מיך טאַקע נישט גלייך באַמערקט און איך האָב געהאַט די מעגלאַכקייט דערווייל זיי בעסער צו באַטראַכטן.

זייער פּויזע איז געווען ווי פון אַ פאָטאָגראַפער אָפּגעשטעלט. אומבאַוועגלאַך דער גאַנצער קערפּער, חוץ די הענט, וואָס האָבן זיך מעכאַניש באַוועגט, אָדער בעסער: די פינגער אַליין. האָבן

געפליקט, געצופט אראפ די ווייכע פעדערן און אין שיסל אריין געווארפן, געווארפן, געווארפן אן אויפהער... און די שיסל האט אלץ צוגענומען, איינגעזאפט אין זיך, און גאר נישט ארויסגעגעבן, נאר געבלאזן זיך, אפגענארט. מיט איין דריק פון דער האנט איז גארנישט פארבליבן...

בעסער זיך איינקוקנדיק, האב איך ערשט באמערקט, אז די אלטע פליקט גאר נישט, נאר כאפט זיך אזוי א געשמאקן דרימל, אנגעשפארט אז אויוון, מיט אן איבערגעבליבענער פעדער אין האנט. נישט דערענדיקט שוין, זעט אויס. אלטע מידיקייט. אין מיטן דער ארבעט איינגעשלאפן...

דאס קינד איז זיך מיט דעם ריינסטן געוויסן אין וויגעלע געלעגן און שלאפעדיקערהייט די מילך פון א פלעשל דורך א פאפקע געצויגן...

בראניא דערזעט מיך און גלאצט אויס א פאר אויגן. איך קלער: זי דערקאנט מיך, נאר גלויבט זיך נישט. די ערשטע ווייַלע קוקט זי מיך אן מיט שארפקייט און פארוואונדערונג. און ערשט דאמאלס, ווען איך הויב אן שמייכלען פון איר סקעפטישקייט אין מיין „דא־זיין„ — גיט זי זיך א שטארקן באוועג מיט איר גאנצן מאגערן אבער קרעפטיקן קערפער, אז די שטול, אף וועלכער זי זיצט, גיט אזש א קרעכץ ארויס. די אלטע האט מיט א קאלטן ציטער נעגעבן זיך א כאפ־אויף דערפון און נישט קאנענדיק גלייך די אויגן עפענען, וואס זענען פון שלאף נאס און צוגעקלעפט געווארן, האט זי זיי מיט א ביסל שפייעכץ באנעצט און — זי נעמט מיך אויך אנקוקן מיט חשד און נישט־גלויביקייט, נישט אין קיין קלענערער מאס ווי די ערשטע. נאכמער: איך זע אין איר מינע, אז זי איז שיעור נישט גרייט איבער מיר א ברכה צו מאכן, „איך זאל זיך גיין אין מיין רו אריין“.. זיי איז גאר נישט געווען אזוי לייכט זיך צוגעוואוינען צום געדאנק, אז דאס בין איך מיט'ן פעקל ביינער. דערווייל נעמט דאס קינד און כאפט זיך איבער. הויבט אן צו צעוויינען זיך אפ'ן קול... און דא איז מיר ווידער אונטערגעקומען פון וואס צו לאכן:

פּאַניע סאַמעט איז פאַר מיר פּלוצלונג און אומבאַמערקט אַרויסגעוואַקסן. פון ערגעץ אַ לאַך איז ער אַרויסגעקראָכן, פון אונטער צווישן דער שאַפע און וואַנט אַפיר... אַז איך אַליין האָב בשום אופן נישט געקאָנט דערגיין פון וואַנען ער קומט, אַזוי קונ־ציק איז'ס געווען אָפּגעאַרבעט, דאָס באַהעלטעניש זיינס, מיט'ן אַריינגאַנג. מיט זיין איינגעבוירן נאַרישן שמייכל איז ער צו מיר צוגעגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

גלייך האָבן זיך אַלע איבערצייגט, אַז איך בין טאַקע דאָ און לעב. זענען זיי צו מיר צו און מיך גענומען פאַרוואַרפן מיט פראַגן און זייער פאַרוואונדערונג אויסדריקן: „ס'טייטש, אין אַזאַ צייט? אין דרויסן איז דאָך סכנות'דיק... מיט איין מאָל איז'ס געוואָרן... קיין זיידעס פון דרייסיק־יאָריקע אייניקלאָך קאָנען דאָך איצטער די גאַס נישט דורכגיין... זיי מאַכט מען דאָך פאַר דעזערטירן... וואָס, כ'לאַך? אַלע גאַסן האָט מען אַרומגעצוימט און מ'פאַר־נעמט. ווען מען טרעפט, פאַרנעמט מען. אָבער וואָס דערציילן זיי עפּעס מיר — כאַפּן זיי זיך אין צייט — ווען איך קום ערשט אַליין פון גאַס. נו, נישט אמת אפשר? און פאַרוואָס האָט מען מיך די גאַנצע צייט נישט געזען? אַז זיי האָבן שוין נישט געצווייר־פלט, אַז איך געפין זיך שוין ערגעץ אויף דער פּאָזיציע. האָבן שוין בעלא'ן געשריבן, אַז מ'האָט מיך זיכער געמוזט כאַפּן, ווייל יענע פרעגט זיך נאָך אין יעדן בריוו וועגן מיר.. זי דאַרף טאַקע די טעג אָנקומען. ווער ווייס...

„האָט מורא צו זיין דאָרט, באַ די עלטערן. אַ סך מיליטער זיך אָנגעקומען אהין. ריכט מען זיך אויף פּאָגראָמען. אַזוי אויך סקאַנדאַלן כמעט אַלע טאָג. כוליגאַנעס רייסן זיך אַריין אין אידי־שע הייזער, ראַבעווען, גזלענען, שלאָגן מכות רצח, מאַכן אומגליק־לאַך אידישע טעכטער — און עס גייט אַזוי אָן. קיינער מישט זיך נישט אַריין. נייטראַל איז מען. הפקר — און פטור. אָבער ווי אַזוי האָב איך זיך פאַרט דורכגעקירעוועט די גאַס? — פאַרגעסן זיי גלייך די גאַנצע צרה מיט די פּאָגראָמען, אכזריות און הפקר — עס איז דאָך אַ ריינע אוממעגלאַכקייט... און איך זע גאָר, דאַכט

זיך, נישט שלעכט אויס אויך... זאָל איך זיצן א „ביסכען", וואָס אי, די מקוה ט'אנטלויפן? מ'עט דערוואָרעמען טיי, דעם פאָל־טאָן קאָן איך זיך פארגונען אויסצוטאָן. מ'וועט די טיר פארמאכן און ס'עט זיין גוט. אין ערגסטן פאַל, מילא, איז דאָך פאראן א מלינה. זייער א געלונגען אָרט. ווען זיי שטעלן זיך אף די קעפּ... און זאָל איך זיי דערציילן וואָס מיט מיר איז לעצטנס דערגאַנגען, פון דער גאַנצער צייט אַן, זינט איך בין בא זיי נישט געווען. און ווי איך בין איצטער צו זיי אריינגעפאלן (?), אז איך מוז דאָך גאָר קיין מענטש נישט זיין...

איך האָב זיי אין קורצן דערציילט די איינצלהייטן פון מיינע לעצטע איבערגעלעבטע טעג. איך האָב עס דערציילט אפן און פשוט, אן קונצן, אן פארדעקונגען, ווייל זיי זענען שוין אוועק. אוועק — פארגעסן. איך האָב זיך אפילו פאר מיינע אָפּגעטוענע משוגעת'ן נישט זשענירט. פארקערט: איך האָב שטאָלצירט דער־מיט. ווייל וואָס מער משוגע א מענטש איז, מער אינטערעסאַנט איז ער...

איך האָב זיי אויך דערציילט אויף וואָס פאר אן אופן איך האָב געקראָגן געלט פון א פריינט, א יאָלד. און אין א וואָסער לאגע איך האָב זיך פון פריער געהאַט געפינען. די באגעגעניש מיט'ן פאָליציאַנט זיי איבערגעגעבן, וואָס זיי האָבן זיך קוים געוואָלט גלויבן, אָבער א דאַנק דער פארטרויל‏אכקייט אין מיר האָבן זיי געמוזט. און נאָך א סך זאכן האָב איך זיי איצטער דערציילט, וואָס איך וואָלט פאר אנדערע, מעגלאָך, אין קאַסטן פון סודות געהאַלטן, אָבער איך האָב פשוט פון די מענטשן שטארק גע־האַלטן. איך האָב געפילט, אז איך האָב אין זיי די אויפריכטיקסטע, איבערגעבנסטע פריינט.

און זיי האָבן די טיר פארמאכט. דעם לאָמפּ אָנגעצונדן. א בליי־לאָמפּ. און מיר האָבן זיך בא'ם טיש אויסגעזעצט. עס איז געווען אנגענעם־טרויריק. א שטילע אומעט האָט ארומגעהילט אונז. זיי זענען געווען שרעקלאָך איבערגעשראָקענע מענטשן. בא דעם מינדסטן קלאַפּ, קלענסטן גערויש, אומגעשיקטן באוועג מיט א

אבר, זענען זיי האסטיק פון זייערע שטולן אויפגעשפּרונגען און טיף אויפגעשווידערט. האָבן געפּיבערט בי יעדן אָפּגעהאַקטן זאָץ פון א הויך וואָרט. זייערע נערוון זענען גוואַלטיק אָפּגעשלאָפּט געוועזן...

איך האָב זיי אויסגערעדט. און מיט א פּוסט האַרץ האָב איך זיי פאַלשערהייט אויסגעלאַכט. זיך אליין פאַר א גוטן שפּיגל ארויסגעשטעלט. „א נאַרישקייט א גרויסע... אן איינרעדעניש בלויז. אזעלכע נאַטורן איז, אמת, שווער איבערצואַנדערשן, אָבער מען דאַרף זיך קאָנען נעמען אין האַנט אריין...“

און דאָ זענען זיי צו מר געוואָרן די אָפּנהאַרציקייט אליין און האָבן מיר דערמיט נישט קיין קליינע קרענקונג פאַרשאַפט.

זיי האָבן מיר דערציילט פון זייער טרויעריקער לאַגע. דעם גאַנצן אָנגעזאַמלטן, פיינלאַך־געדריקטן גאַליקן מאַטעריאַל האָבן זיי איצט אויסגעגאָסן. א קוואַל פון טרערן. אך, ווי מיטליידיק... ווי ס׳האָט מיך באַרירט...

ער, סאַמעט, ארבעט שוין נישט וואָכן לאַנג. זינט די בהלה איז געוואָרן. קיין ציווילע ארבעט איז נישטאָ. פּריוואַטע האָבן מורא. ווילן קיין געלט אין זייערע הייזער נישט אריינלייגן. ווער ווייסט דען וואס דער מאָרגן קאָן ברענגען? אָדער ס׳קאָן אויסקומען צו אַנטלויפן, דער רוח ווייסט וואוהין, אָדער מ׳קאָן גאָר, בשעת א שלאַכט, די שטאָט אונטערצינדן. פון די קוילן אליין קאָנען זיך די הייזער אונטערצינדן, ברענען און איינפאַלן. זעט מען שוין: ציווילע ארבעט איז, אלזאָ,אויסגעשלאָסן. היינט, מיליטערישע וואָלט געווען גענוג, איבער גענוג: קאַנצעלאַריעס מאַליעווען, שטאַב־דירות, א שטוב פאַר׳ן קאָמענדאַנט, פאַר׳ן אונטער קאַפּי־טאַן, פאַר׳ן... נו, באַצאָלט מען דען? מען הערט זיך נאָך אן אַלערליי זידלערייען, שטעכווערטלאַך, סטראַשונקעס, בעת דער ארבעט. און איינמאָל גאָר האָט מען אים, נאָך צוויי גרויסע שטו־בער אויסמאַליעווען, נאָך א גאַנצן טאָג שווייסיקער ארבעט איז פּראַצע, צו די שמוציקסטע ארבעטן געשלעפּט. און מיט ברוטאַלן

געוואלד אים געצוואונגען די שטאלן צו רייניקן פון די פערדס אפפאלן, אוועקפירן עם דערנאך, און ענלאכע זאכן...

גייט ער שוין נישט. דארף זיך נאך אויסבאהאלטן אויך. ווייל זיי פרעגן זיך אין גאס אף א מאליער — ווייזט מען אן אהער. און יענע מענשען מיינען דאך געוויס קיין שלעכטס נישט. פארקערט: א טובה טאן. „פארדינען א פאר מארק אין א שלעכטער צייט" — טראכטן יענע. און דא, אזוי פיל אפגעשפארט איז געווען? גלויבט מיר, פריינט, אז פאר דעם בעסטן, נאנטסטן קאן מען גאר אזוי פיל נישט ארויסרעדן... א פול הארץ... און א קלייניקייט דארף מען האבן.. מילא, אונז — וואלט שוין נישט געארט אזוי שטארק. דערוואקסענע מענטשן, ווייסט מען מ'מוז ליידן. אבער ס'קינד. וואס טוט מען מיט א קינד, וואס שרייט עסן; וואס וויל פון גאר נישט וויסן, נאר גיב!.. און מ'מוז געבן. אן יעדן תירוץ. וואס דען? לאזן עם אויסגיין פאר אונזערע אויגן?..

— און די עלטערן אייערע? — האב איך געפרעגט.

— א, רעדט נישט! רעדט בעסער נישט, פריינט הארציקער. יענע האבן א נקמה אין מיר. אלטע חשבונות... איר פארשטייט? עלטערן... כעלא איז אהיים געפארן צו זיי. האט מיר נישט גע־זאגט צוליב וואס. ראפטים: פארן. וואס איז? גארנישט. פארן. איך ווייס וואויל: זי האט נישט אזוי שטארק ליב צו זיין דארטן. כ'קאן זיי צו גוט. נאך הילף פאר מיר איז זי געפארן. זי וויל מיר נעבאך העלפן. שטעלט זיך פאר גאר נישט אפ. א געטרייע זאך. האט ליבער צו זיין דא, ווי אין דער געבוירענער היים,בא טאטע־מאמע. האט זיך פונקט געמאכט אזא צייט... ווי זי נעמט זיך עס צום הארץ... אזא שוועסטער...

זי האט זיך שיעור נישט פאנאנדערגעוויינט. איך האב גע־זען ווי די אויגן זענען איר אנגעפילט מיט טרערן. ווי זיי שטיקן איר קול. נאר זי האלט זיך איין נישט ארויסצופלאצן מיט א געוויין...

סאמעט האט אף דער האנט גענומען דאס נאר־וואס־אויפ־געכאפטע קינד און געזוכט עס איינצושטילן מיט עטלאכע איבער־

געבליבענע טראָפּנס מילך אין פלעשל. ס'האָט שטאַרק געוויינט און עקשנות'דיק זיך געריסן. די אַלטע איז געזעסן און האַלב גע־שלאָפן. איך האָב געפילט זייער אומאַנגענעם...

נאַכטיקע טרויער־שאָטנס האָבן דורך די שפּאַרעס פון די פענ־סטער זיך אַריינגעריסן און דאָס שטובל אַ מער מעלאַנכאָלישן אויסזען צוגעגעבן...

מיך פאַרדריסט עס.

איך וואָלט ז״י אַזוי גערן מיין הילף פאָרגעלייגט. אַ נישטיקער הילף־אָנבאָט פאַר אַ פאַמיליע.. כ'וויים עס. אָבער ווי מיר ווילט זיך.. זיי וועלן אָבער פאַר קיין פאַל קיין געלט בא מיר נישט נעמען, ווייל זיי ווייסן מיינע אומשטענדן. זיי זענען צו פיין דערצו, צו איידל דאָס צו טאָן... און זיי וועלן זיך נאָך, מעגלאָך, פילן געטראָפן אויך... באַליידיקט... און דאָס ווילט זיך דאָך מיר אַזוי נישט... אַזעלכע האַרציקע פריינט... שטילע, עלנדע, מלחמה־מאַרטירער... אָך, ווי אַן עלנדער, ליידנדער איז דיר — אַליין אַן עלנדן, ליידנדן — נאָנט און סימפּאַטיש. ווי נאָנט...

איך טראַכט און זיי גיבן דערווייל טיי. און גאָרנישט נישט מיינענדיק, גאָרנישט אויסן זייענדיק, באַמערק איך ווי דאָס פּאָר פּאָלק קוקט זיך איבער. וואונקען זיך צו. רעדן צווישן זיך דורך שטומע צייכנס...

זיי ווילן נעבאָך געבן צוצובייסן און האָבן נישט. ווי זיי פילן.. מ'זעט ווי די מענטשן גייט ממש אין לעבן. און ווי גערן וואָלט איך זיי איצטער פון מיין פאַרדאַמטער קענגנוואַרטיקייט באַפרייט. אַן אָנשיקעניש איך בין עס אַף אָרעמע מענטשנס קעפּ. נישט אין ערגעץ, נאָר פּונקט אַהער האָט מיך דער פאַסקודנער אומשטאַנד איצט באַדאַרפט פאַרטרייבן. און ווי משוגע־גליקלאָך איך וואָלט איצטער געוועזן בא דער גאַנצער שטרענגקייט אין גאַס אַרויסצו־גיין, נאָר צוליב דעם, די גוטע מענטשן זאָלן פון מיר פּטור ווערן. מיין גאָט, איך מיין עס דאָך. בא מיין גאַנצער משוגענער ערלאַכ־קייט, איך מיין עס... איך וואָלט געטאַנצט דערפאַר דער זון אַ **קאַזאַטשקע אַפ'ן ניכטערן מאָגן...**

איך הויב שוין אן אף מיר אליין אין כעס צו ווערן, ווען, ווען... מ'הויבט פלוצים אן קלאפן אין טיר...

אלע שפרינגען אויף טויט־דערשראקענע. איך, בשעת מעשה, דערשרעק זיך אויך עטוואס. דאס הארץ גיט א ציטער. פאניע סאמעט פארלירט שיעור נישט דאס קינד פון די הענט. בראניא נעמט עס אין איילעניש איבער און וואונקט צו אונז מיר זאלען זיך באהאלטן. סאמעט שטייט ווי א גולם און דערכאפט נישט גלייך, וואס זיין ווייב וויל...

די אלטע שטייט אויף און ברעכט זיך די הענט. איך, דער־וויל, שלאג זיך מיט דער דעה: באהאלטן זיך טאקע, אדער נישט? סאמעט, אבער, האלט מיך שוין פעסט בא דער האנט און שלעפט מיך צו זיין געראטן באהעלטעניש. איך גיי כמעט ווי נישט־ווילנדיק. איך ווייס נישט וואס: איך צווייפל עפעס אין דעם גאנצן, נודנעם, איבערחזורנדיקן שפיל. דאס הארץ מיינס איז שוין אינגאנצן פוסט און טרוקן. נישט קיין שאטן פון שרעק און נישט קיין שפור פון מוטיקייט.. . און דארט קלאפט מען אלץ. מ'האלט אין איין קלאפן... און ענדלאך דערהערט מען צום סוף א פרויען קול רעדן:

— שוין טאקע פארמאכט בא אייך, בראניא? איר שלאפט דען שוין? וואס עפעס אזוי פרי? דאס בין איך דאך... ע.. איך... איר קאנט עפענען. דער טויער איז שוין צו, בראניא...

אט א חוצפה פון א שכנטע. נעמען באנאכט און אנקלאפן בא יענעם. דערצו נאך אין אזא צייט. און צוליב עפעס כאטש. א בעלן צו זען די פרי...

מיר האבן זיך פונדעסטוועגן אלע בארואיקט און בראניא איז געגאנגען עפענען.

# XI

באַלד איז בראַניאַ מיט דער אורח׳טע אַריינגעקומען.

אַ דיקע יונגע פרוי. אַ פולע, פלייש'קע. רויטע, גראָבע באַקן. שיינע אויגן, שוואַרצע, אָבער נאַרישע. גרויסע, קעלבערנע, מיט אַ פּראָסטן, פרעכן אויסזען.

דאָס אַלץ.

אַריינקומענדיק, האָלט זי די האַנט אירע אויף דער הויכער, שטאַרק-באַוועגנדיקער ברוסט, ווי זי וואָלט דערמיט דעם שנעלן אָטעם-צוג וועלן איינהאַלטן. און נישט רעכט אַרומקוקנדיק זיך פריער אַרום זיך, גיט זי אַ פּלאַץ אַרויס מיט דעם זשאַרגאָנישן לשון:

— און ס'אי שוין אַ גוטע קלאָג צו אונז! אַז איר זיצט דאָ, קאָנט איר עפּעס וויסן וואָס אין דרויסן טוט זיך? איך בין דאָך קוים אַ לעבעדיקע אַריין... וואָס, איר גלייבט נישט? נאַ, טאַפּט אָן מיין האַרץ, ט'איר זען — שלעפּט זי ווי מיט געוואַלד סאַמעט'ס האַנט צו איר ברוסט צו — נו, ס'קלאַפּט? כ'זאָג אייך: אַ האַמער. ס'אַ וואונדער? זיי האָבן דאָך געוואָלט מיך וואַלטשעווען... אַלע הייזער זענען באַוואַכט פון מיליטער, אַרומגעצוימט — סכנות'דיק.. כ'זאָג איהן: ס'וואַרפט אַז אַמה אָן... מ'גייט, זאָגט מען, היינט בײַ נאַכט דאָס שטעטל איבערדרייען. פּשוט, איבערקערן עס. ביז איצט בין איך אין מאַרק געשטאַנען, לעבן מאַגיסטראַט. דער גלח האָט גערעדט מיט נאָך עפּעס אומבאַקאַנטע פּריצים, צוגעפּאַרענע מן הסתם. אידן, נאָר אידן. מ'הערט דען עפּעס מער? איין כלל: „אין אַלץ זענען שולדיק נאָר די אידן„. אין דעם ליגט די גאַנצע פּאַטריאָטישע חכמה זייערע. וואָס נאָך האָבן זיי צו פאַרקויפן?

„מ'העצט צו פּאָגראָמען. ווי אַפּן זיי האָבן עס אַרויסגערעדט. און אַזאַ ווילדע מאַסע שטייט און הערט. נסים נאָך, כ'זאָג איהן...

ווער ווייסט, קינדער, וואס מיט אונז וועט נאך די טעג זיין...
„ווער באהאלט זיך אוים? — אידן! זשידזשע — שוים אף די ליפן... ווילדע שנאה... רווטער האס... „יעדער געכאפטער דעזער־טיר„ — זאגט איין פאן — „מוז גלייך, אפ'ן שטעל, פון דעם זעלבן סאלדאט טאקע, פון וועלכן ער ווערט געכאפט, דערשאסן ווערן, אן א משפט...„ נו, גיי טענה זיך אוים מיט אים! איר פארשטייט דען ווי מ'שיט זאמד אין די אויגן? ווינציק וואויטקעס באהאלטן זיך אוים. וואס זענען די אידישע מיט יענע אין פארגלייך? נאר רעד. רעד, אז מ'האט אנגעהאנגען שלעסער אף די מיילער. און דא — אידעלאך: אומעטום זענען זיי פול. וואו מ'זייעט זיי נישט, דארטן וואקסן זיי ארוים. נאך דער „מאווע” האט דער שווארצער עולם זיך גלייך געווארפן אף זיי, אף די אידעלאך, און גענומען שלאגן. די גוואלדן — טאטע אין הימל! און וואס הויבט מען אן צו טאן? דא איז מיין מאן פונקט אין די יארן, וואס מ'גייט די וואך רופן. ליגט ער דארט, באם שערער, גאנצע נעכט און שפילט אין קארטן. א זארג האב איך א גרויסע. געלט אף צו לעבן פאר מיר מיט'ן קינד גיט ער? ווייטער, נו, וואס האב איך פון אים א קנאפ יאר צייט... א מאן. אויך מיר א מאן צום טיש...

די סאמעטס האבן זיך נעבאך פארשעמט פון איר אויסשפראך און זיך מיט מיר איבערגעקוקט.

די אלטע, וועלכע האט זיך פריער געהאט איבערגעוועקט פונ'ם קלאפן, איז שוין איצט ווידער געשלאפן. די שכנ'טע האט זיך ערשט איצט אומגעקוקט און מיך דערזען...

איך גלויב, זי האט מיך געקאנט. טאקע פון זען מיך דא איי־ניקע מאל. זי איז, דאכט זיך, עטוואס רויט געווארען. קוים, קוים, באמערקבאר. א קליין ביסעלע מער ווי געווענלאך. א שוואכער שיין פון בושה האט פון אירע אויגן ארויסגעפונקלט. זייער א שוואכער...

אט זעצט זי זיך אנידער.

איר מאן, האב איך געוואוסט, איז פון דעם נייעם סארט אויפגעקומענע גבירים, סוחרים־שפעקולאנטן, וועלכע האבן בלויז

רייך און האבן געלט, האב איך געוואוסט. און אז זי האט שוין פון אים א קנאפ יאר „גארנישט" געהאט — האב איך זיך ערשט איצטער דערוואוסט.

א שארפע כאראקטעריסטיק.

— אלזא, — גיב איך זיך פלוצים א שטעל אויף — מ'עט פרובירן גיין א היים!

איך האב עס ארויסגעזאגט אין אזא ערנסטן טאן, אז זיי איז גאר נישט איינגעפאלן צו דענקען, אז איך מיין עס נישט.

— אבער ניין, — זאגן זיי — דאס רעד איך? זיי וועלן עס פאר קיין פאל נישט גלויבן. סטייטש אזא... ניין, ס'מוז נישט זיין איך, דענקען זיי... אז א מענטש וויל באגיין זעלבסטמארד איז דאך נישט שייך קיין זאך... אבער לאזן מיך גיין וועלן זיי פונ־דעסטוועגן נישט. מעג עס קומען צו א סקאנדאל אפילו. זיי ארט נישט...

קוק, ווי אויפגערעגט די אמת'ע נישט־געקינצלטע, פריינט־שאפט און איבערגעבנקייט האט זיי געמאכט.

די שבנ'טע ווידער, האבנדיק פון פריער נאך א חשד, אז איך בין א... איז, דערהערנדיק איצט זייערע ווערטער, באלד געווארן געווארן און גלייך אף זייער זייט זיך געשטעלט:

— נו, דאס הייסט טאקע, זאלן זי מיר אנטשולדיקן, א נאַ־רישער איינפאל... א זיכערער טויט פאר א „זאלכען", וויסן זי באטשיק?... כ'בעט איהן זייער... מע פארשפעטיקט דען אמאל דאס דאזיקע מאכל?... וואס זאגן זי?... בין איך נישט גערעכט אפשר?... א גרויסע זאך דען א כוליגאן זאל נעמען און דערשיסן אזוינעם גלייך אפ'ן ארט, נאך אזעלכע העצערישע ריידעס? ווער וועט אים עפעס זאגן דערפאר? כ'בעט איהן זייער...

מיך האט געוואונדערט איר רעדן.

די סאמעטס זענען דערווייל בא זיך זיכערער געווארן. מ'האט עס געקאנט מערקן.

— עס קאָן, אַלזאָ, אַנדערש נישט זיין, נאָר איך מוז דאָ שלאָפן. ווייניקסטנס, היינטיקע נאַכט. עס איז פאַראַן אַן איבע־ריקע קאַנאַפּע, אַ ספּעציעל געלעגער פאַר בעלאַ׳ן, ווען זי קומט אַהער.

איך ווייס נישט ווי נאָך: עפּעס בין איך צו גיך נאָכגיביק געוואָרן. נישט אינגאַנצן האַרמאָנירט מיט מיין טבע און עקשנות. איך האָב זיך אין די געדאַנקען אַליין פאַרענטפערט, אַז „ערשטנס איז טאַקע אַ ווילדער איינפאַל אַרויסצולאָזן זיך איצטער אין נאַס אַריין, נאָך די גוטע וואָרנונגען מצד מיין גוטן פריינט, דעם פּאָלי־ציי־מאַן. נעמען, הייסט עס, און אויפכאַפּן דעם טויט מיט די אייגענע הענט — אוממעגלאָך! סיידן משוגעת... נו, ווען דעם איז זייער קאָמפּליצירט דער ענין... צווייטנס — יאָ, צווייטנס, וויל איך זאָגן, איז בעלאַ׳ס געלעגער... שלאָפן אַף איר געלעגער, זעט מען, איז דער ענין עטוואָס קלאָרער, פאַרשטייט מען, דער פאַרלאַנג עטוואָס גערייצטער...

— טאַקע אַ דאגה וואו צו שלאָפן! — רופט זיך אָפּ די שכנ׳טע — אַט שטייט באַ מיר ליידיק אַ בעט מיט דעם גוטן בעט־געוואַנט, כ׳זאָג איהן... ער וואָלט זיך דאָך מחיה געווען, דער יונ־גערמאַן... בעסער, כלעבן, אַ סך, ווי אין אייער בעטל, אָדער קאַ־נאַפּע — רעדט זי זיך, גאַרנישט מיינענדיק — מיין מאַן, ווי איך האָב אייך שוין פריער דערציילט, ליגט דאָרט ערגעץ אין...

— ניין, ניין, דאָ וועט ער שלאָפן און נישט ערגעץ אַנדערש! אַזוי היימיש שוין דאָ. ס׳געלעגער? נישט געפערלאַך, ווי איר צע־לייגט עס...

הוי, דו ליבער, גוטער מזל מיינער! זעסט כאָטש ווי מ׳רייסט זיך איבער מיר? שעפּ נחת, דו ווייטער פריינט מיינער! שעפּ, פון דערווייטנס, שעפּ!...

פלוצים, ווידער, שאַ: מ׳קלאַפּט אין טויער...

אַלע זענען מיר פאַרשטיינערטע אַף די ערטער געבליבן. פאַר־גליווערטע, געלעמטע. אַלע לעבנס זענען אין אונז פאַר גרויס שרעק און צעמישטקייט אָפּגעשטאָרבן, הגם מיר האָבן זיך דאַרויף

באַדאַרפט ריכטן. איין געדאַנק האָט כמעט גלייכצייטיק אין אונ־
זערע געהירן דורכגעגליט. א הייסער פונק האָט א ברען געטאָן.
נישט מער: „אַט איז׳ס“. נישט מער...

א שווערע פיינלאַכע מינוט איז אריבער. און אפשר נאָך
ווייניקער...

מ׳האָרכט.

מיט דער גרעסטער, פאַרצווייפלטסטער אָנגעשטרענגטקייט
האָט מען געהאָרכט. אָנגעשאַרפט דאָס געהער אויף דעם מעגלאַכ־
סטן אומשטאַנד. די גרעסטע געשפּאַנטקייט האָט געהערשט.
שששי!... שטיל אין אַלע שטובער פון הויז. מ׳האַלט איין די
אָטעמס — און מ׳האָרכט...

דאָרט — קלאַפּט מען אַלץ.

איינציקווייז, אויף די שפּיץ־פינגער, זענען די שכנים פון הויז
זיך צוזאַמענגעקומען אויפ׳ן הויף אַרויס, שטילערהייט, מער מיט
וואונקען ווי מיט ווערטער, האָט מען זיך דורכגערעדט, גע׳עצה׳ט,
וואָס צו טאָן. אייניקע פון די הויז־מענטשן, וועלכע האָבן נאָך
ווער מען געהאַט אין גאַס איבערגעלאָזט, א טאַטן, א ברודער, א קינד,
א. ד. גל., האָבן געוואָלט גיין עפענען, האָבן די איבעריקע נישט
געלאָזט. מורא געהאַט, טאָמער קלאַפּן כוליגאַנעס, פּאָגראָמ־
שטשיקעס...

וואָס טוט מען?...

דאָ, אין שטוב, האָט בראַניא פריער פון אונז אַלעמען דעם שכל
צוריקבאַקומען און א קאָמאַנדעווע געטאָן צו מיר מיט סאַמעט׳ן:
„באַהאַלטן“! און אַליין איז זי מיט דער שכנ׳טע אַרויסגעלאָפן
זען וואָס עס הערט זיך...

סאַמעט האַלט מיך שוין, ווי פריער, בא דער האַנט און
שלעפּט מיך צו זיין נאַרע צו. מילא, א באַהעלטעניש — א זעלטנ־
קייט! א מין פאַרבאַרגענע הייל, וואָס אַריינגייענדיק אהין האָט
מען די שאַפע געמוזט עטוואָס אָפּרוקן און זייענדיק אינווייניק,
אין דעם פינסטערן קאַמער־שטובעלע מיט אַן איינציק גראַטן־פענ־
סטערל, וואָס גייט ערשט אין אַן אמת׳ער קאַמער אריין, האָט מען

ערשט אליין געמוזט די שאפע צוריק צו רוקן, דערמיט זיך צו פארשטעלן, דעם אריינגאנג צו פארבארגן, דעם גרויסן פאליציי־אישן חכם אפנארן..

זיין האנט, סאמעט׳ס, האב איך, דורך דער בארירונג מיט אים, געפילט, האט פיבעריש געציטערט, געווארפן זיך אין א ראפטימ׳דיקן, אימפולסיוון אויפברויז. ער האט נישט גערעדט. ער האט נאך אבער אף אזוי פיל דעם פארשטאנד פארמאגט, אז ער האט מיר מיט שטומע צייכנס אין דער פינ־סטערניש אנגעוויזן צו העלפן אים די שאפע צו־רוקן הארט פאר אונזער אריינגאנג, פון אויסנווייניק. איך האב אים געפאלגט. איך האב אים געזוכט איינצושטילן, בארואיקן. געבעטן אים ער זאל זיך באהערשן. „אז עס איז דאך נאך נישט אזוי געפערלאך. מען ווייסט דאך נישט ווער עס קלאפט... אבער ער האט געשוויגן. האט מיך ממש מיט געוואלד צוגעהאלטן, ווי עפעס א שויץ־מאנטל, און מיינע הענט אין זיינע גערדיקט...

ווי פאסקודנע עס איז אין אזא צייט צו האבן צו טאן מיט אזעלכע מענטשן. ווי שלעכט זייער איבערנאטירלאכע פחדנות רופט זיך אף אייך אפ, אף אייערע אפגעשוואכטע נערוון...

מיר הארכן אויך.

אלץ איז דערווייל שטיל. בלויז דער מאנאטאנער טיקטאק פונ׳ם אלטן וואנט־זייגער דערגייט צו אונז. ווייטער דערגרייכט גארנישט — חוץ פינסטערניש, חוץ גערדיכטער, נעבלדיקער חושך, דעמפיקייט און שטיקנדע מרה שחורה...

איך קוק אף סאמעט׳ן, אף זיין פנים, קוק לאנג, אן א שיעור לאנג, עס זיך איין אין אים, און קאן בשום אופן נישט כאפן דעם שטריך פון זיין איצטיקן אויסזען. אפילו זיין פריערדיקער, אמת׳ער אויסזען איז איצטער אינגאנצן פון מיין פאנטאזיע ארויס, פון מיין פארשטעלונג־קראפט אויסגעטרוקנט... מאדנע: אט שטיי איך מיט א מענטשן, בין אזוי נאנט צו אים, פיל אים אינגאנצן, צונעפרעסט איז ער אזש צו מיר — און כ׳ווייס נישט ווי ער קוקט אויס. איך קאן אים גארנישט. אז כ׳הויב גאר נישט אן צו קאנען

דעם מענטש. אַ קונץ איך ווייס. ער הייסט סאַמעט. עס קאָן דאָך אָבער זיין, אַז עס איז נישט סאַמעט...

אָבער מיטאַמאָל דערהערן מיר ווי די טיר עפנט זיך. ס'איז געוועזן: מיר דערוואַרטן דאָך דאָס. און דערצו נאָך מיט אַזאַ אומגעדולד און נייגיר. אָבער צו אונזער איבעראַשונג הערן מיר, אַנשטאָט, לויט אונזערע דערוואַרטונגען, האַסטיקער אַריינמאַרש, פעסטע שפּאַנען, קלאַפּן פון געווערן, קלונגען פון שפּאָרן און אַנ־דערע מיליטערישע באַפּוצונגען; אַנשטאָט בייזע, סטראַשענדיקע, שטרענגע שטימען, פּאָליצייאישע גאַסן־שפּראַך, — הערן מיר גאָר אַ גאַנץ געלאַסענע, רעגולערע טיר־עפענונג און אַריינגאַנג: שטילע טריט, לייכטע פּיס, פלינקע באַוועגונגען און צום לעצט בראַניאַ'ס אַ האַסטיקן אויסרוף:

— שנעל, וואַסער! זי חלש'ט!

איך הויב נישט אָן באַגרייפן וואָס דאָרטן טוט זיך. בראַניאַ'ס קול — גאַנץ געניי. ווערזשע חלשט? די דיקע שכנ'טע אונזערע? וועמען־זשע רופט זי נאָך הילף? הערט מען דאָך דייטלאַך צוויי פּערזאָנען אַרומשלייכן. ווערזשע איז די דריטע פּערזאָן? און פאַרוואָס דערמאָנט זי זיך נישט אָן אונז, בראַניאַ? זי ווייסט דאָך וואויל וואו מיר ליגן. האָט זי אין איר פאַרנומענקייט מיט וויכטיקערס אָן אונז פאַרגעסן? וואָסזשע איז דאָס וויכטיקערע? אָבער ווער, צום טייוול, קאָן דען דאָ פּאָרט אַזוי ליגן און איבער־קלערן אַלץ אין דער וועלט?...

איך טראַכט נישט גאַרנישט.

איך זאָג סאַמעט'ן גאַנץ הויך, אַז איך גיי אַרויס און מוז זען וואָס דאָרטן איז. אַן אומגליק עפּעס, רבונו דעלמו! מענטשן חלש'ן. און איך וועל דאָ ליגן אין דער פאַסטקע ווי אַ וויסטער פּחדן געזיכערטערהייט? ווי אַ מויז אין לאָך וועל איך ליגן?

„העי“, זאג איך צו זיך מיט א צאן, „איך שפיי דיר אן א פול פנים“! ..

סאמעט רעדט נאך אלץ גארנישט, נאר האלט מיך צו און לאזט מיך נישט גיין. איך ווער בייז און אויפגערעגט. איך גיב א רייס ארויס מיין האנט פון זיינער מיט אזא קראפט, אז איך פאל אזש מיט'ן גאנצן שטיקל קערפער צו צום אנדערן עק פון קאמער און צעקלאפ זיך פיין. אליין רוק איך אפ די שאפע, לאז אפן ס'באהאלטעניש און בין שוין אין דרויסן, אף דער פריי, הייסט עס.

איך קוק זיך ארום און גלויב נישט מיינע אויגן.

— האר פון אלע איבעראשונגען! איז'ס מעגלאך? כעלא? מיין גאט, עס איז כעלא!...

## XII

אין אַ שווערער חלשות'דיקער אָנמאַכט, איז זי אָנגעשפּאַרט אַף אַ שטול געלעגן און לעבן אירע פיס איז אַ רייזע־קוישל גע־שטאַנען.

האָט זי עס, אַלזאָ, געקלאַפּט.

די האָר זענען באַ איר געווען צעלאָזט, צעשויבערט און אין פולן אומאָרדנונג. דאָס קלייד עטוואָס אויפגעלאָזט. דאָס האָבן זיי, בראַניאַ מיט דער שכנ'טע, פּרובירט זי מונטערן. און... גר'עסטע אַנטציקונג! ווי הערלאַך, מלאכיש, שיין זי איז עס דאַ־מאָלס געווען! ווי גריכיש־גאָטיש!... ווי וואונדערלאַך־רייצנד... וואָס פאַר אַ האַרציקן מיטגעפיל זי רופט צו זיך אַרוים מיט איר ווייטיקלאַכער פּויזע, מיט איר טראַגישן אויסזען... ווי שלעכט און בלוט־אָרעם עס זעט אויס קעגן דעם די געמאַכטע שלויקייט און ציניש בּיטערקייט אירע, דער פרוי, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל פרוילאַבע ווייבקייט, אַזוי פיל צאַרטן חן...

די אויגן האַלט זי צוגעמאַכט און אָטעמט שוואַך. די ברוסט הויבט זיך מיט אַ שוואַכן, לאַנגזאַמען טעמפּאָ. די פאַרב אַפ'ן פּנים איז אַ בלייכע, כמעט אינגאַנצן אַ ווייסע — אַ טויטלאַכע. זי געפינט זיך נאָך אַלץ אין דעם באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. בראַ־ניאַ, אין דער פאַרצווייפלסטער פאַלעגנהייט, שטייט און רייסט זיך דאָס פלייש פונ'ם פּנים; קנייפּט אומבאַהאָלפענערהייט די באַקן, אַנשטאָט צו טאָן עפּעס ממשות'דיקס. זי שטייט און קוקט בלויז אַף איר, אַף כעלאַ'ן. די שכנ'טע שטייט אויך דערלעבן ווי אַ גלאָמפּ און ווייסט נישט ווער ס'האָט זי באַשאָפן. די אַלטע שלאָפט און דאָס קינד שלאָפט...

שנעל און אימפּעטפול, מיט דער קלענסטער מאָס באַהערשט־קייט אין מיין נערוועזן אויסברוך בין איך צו זיי צוגעלאָפן און

האסטיק, קאנטראלירלאז, מיט א פארשטיקטן אטעם ארויסגע־שליקעכצט:

— וואס איז געשען?

ווערן זיי צעמישט פון מיין פלוצימדיקן דערשיינען און קוקן מיך אן מיט אויסגעגלאצטע אויגן.

— אבער וואס איז געשען?

כאפן זיי מיך אן בא די הענט, בראניא מיט דער שכנ׳טע, און מיט א פארפלאנטערטן, כמעט סדר׳לאזן ארדנונג הויבט מען מיר אן אייליק צו מאלען די לאגע:

„אז דאס האט זי, בעלא, געקלאפט. און אז זי, בראניא, האט גלייך דערקאנט איר קול, בעלא׳ס. און ווי מ׳האט נאר געעפנט דעם טויער זי ארייגצולאזן האבן כוליגאנעס זיך געוואלט מיט ארייגרייסן... האבן די ביקסן ארייגעשטעקט, געסטראשעט... שטייען ארום אלע הייזער ארומגעצוימט מיט פולער אמוניציע... ווער ווייסט א וואסער וועג זי האט געמוזט האבן... זי איז נאר אריין— איז זי גלייך אף מיר ארויפגעפאלן און אנגעהויבן חלש׳ן.. מיר האבן זי קוים אין שטוב ארייגעברענגט.. און זעט עפעס, מענטש, וואס טוט מען?... זי קאן דאך גאר נישט קומען צו זיך...“

איך קוק אף איר.

אף בעלא׳ן קוק איך און איך ווער משוגע פאר גרוים אנטציקונג און מיטגעפיל צו דער בריאה. איך נעם באקלערן וואס מען זאל דא אויפטאן. אדער אפשר טראכט איך גאר לגמרי נישט... איך קוק נאר אף איר. אף די צוגעשלאסענע אויגן. ליפן. אף דעם שוואכן ציטערן פון איר כשופדיקער ברוסט. אףף איר... און עס וואלט זיך מיר גראד וועלן איצטער אזא געשריי טאן. צי פון ווייטיק, צי פון א ווילדן, אומבאגרייפלאך־משוגענעם עקסטאז? ווער ווייס...

הוי, אזא געשריי טאן...

שטיל. די שטילקייט ראיעט ארום. עסט זיך איין אין די ביינער... אין אונזערע געמיטער... שטיל. די שטילקייט, וואס קאן א מענטשן פון זין אראפפירן...

שטיל.

ס'הערט זיך דאָס שנורכצן פון דער אַלטער. אַ צייטנווייזע אויפ־כאַפּן זיך פון'ם קינד, וועלכס בראָניאַ האָט, גלייך נאָך אונזער באַהאַלטן זיך, און וויגל אַריינגעלייגט און געצוואונגען צו שלאָפן.. דער אומאויפהערלאַכער מאָנאָטאָנער קלאַנג פון'ם זייגער, דער נודנער, אומפאַרענדערלאַכער טיקטאַק... און דאָס ציען פון דער קנויט דעם ביטערן נאָפט־טראָפּן...

נאָך אַ רגע בין איך געשטאַנען און געגאַפט.

מיט איינמאָל אַבער, בין איך שנעל, פיבעריש, משוגע, אויס־געמאַטערט פון דער לאַנגער פיינלאַכער פּויזע, אין דער מינד־סטער אויסגערעכנטקייט, אין דער קלענסטער איבערלייגונג, צו איר, בעלאַ'ן, צוגעלאָפן, מיט אויסערגעוועגלאַכן האַסט און אויפרעגונג, אין דעם נערוועזן אויסברוך, גראָב און פּשוט אָפּגעשטופּט בראָניאַ'ן מיט דער שכנ'טע און מיט דער זעלבער בליציקער אויפ־רעגונג און אינערציעלער קראַפט האָב איך איר אייזקאַלטע האַנט אין מיינער אריינגענומען און מיט דער גאַנצער געשפּאַנטער, אָנגעצויגענער פאַרגעסלאַכקייט, מיט מיין גאַנצן אָנגעזאַמלטן כח, וואָס נאָר משוגענע פאַרמאָגן, האָב איך איר אַ דריק געטאָן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מער האָב איך אַ היבשע ווײַלע נישט געוואוסט וואָס עס איז ווייטער פאַרגעקומען. איך בין געבליבן אַ שטיקל צייט ווי אונטער אַ היפּנאָז. איך האָב, נישט קלאָר, ווי דורך אַ נעפּל, קוים באַמערקט, ווי זי האָט אָנפאַנגס אַ שטאַרקן אויפשוידער געטאָן, אַ לייכטן געשריי אַרויסגעלאָזט — און געעפנט די אויגן...

אויך בראָניאַ האָט אַ געשריי אַרויסגעלאָזט. אַן אויסגעשריי פון פרייד און העכסטן עקסטאַז. זי איז צו איר צוגעלאָפן, אַרומ־געכאַפּט און שטורמיש אָן אָפּשטעל, גענומען קושן זי וואו נאָר אירע ליפּן האָבן געקאָנט דערגרייכן; געקושט און געוויינט און געלאַכט צוזאַמען...

— שוועסטערל, מיין קליין, גוט שוועסטערל!...

דאס האט זי איבערגעחזר'ט אומצייליקע מאָל.

אַ צייט זענען זיי אזוי איינס אַף דאס אַנדערע געלעגן, איז די אָרעמס, צוזאמענגעדריקטערהייט און געוויינט, צענויפגעקלעפ־טערהייט און געוויינט, צענויפגעפרעסטערהייט...

— מיין קליין, גוט שוועסטערל! מיין קליין, גוט שוועסטערל!

אַ בילד פון דער שענסטער שוועסטער־ליבע.

עס האט מיך גערירט, אזש ביז צום וויינען.

דו טייוול! אַ מין ווילדע, אומבאגרייפלאכע הנאה האָב איך אין זיך דערפילט...

אינערלאך, טיף, טיף אין זיך, האָב איך אזא מאָדנע שפּירונג דערפילט, אזא מין אָנקוועלן פון זיך אליין... פון מיין אינערלאכ־קייט, פון מיין אויסערלאכקייט אפשר... פון מיין גאנצן מילביקן עקזיסטענץ... און די גוואלדיקע, די אויפריכטיקע שוועסטער־ליבע.. די שכנ'טע שטייט און ציט מיך בא'ם ארבל...

ביסלאכוויין, ביסלאכוויין איז כעלא אינגאנצן צו זיך געקור־מען. זי גלייכט זיך אוים אַף איר ארט. קוקט זיך ארום, עטוואס צעמישט, ווי נישט באנעמענדיק אלץ מיט איין מאָל, וואָס דאָ גייט פאָר, וואָס דאָ איז פארגעגאנגען...

זי קוקט, ווי זי וואָלט עמיצן זוכן. דעם שוואָגער מסתמא, אדער די באָבען. בלאָנדזשעט אזוי אַ צייט ארום מיט אירע בליקן און צום לעצט בלייבן זיי שטיין גלייך אַף מיר, די שארפע שפּיזן אירע, פונקט אַף מיר, צום שווארצן היטלמאכער!...

איך באמערק עס און ווער שטרענג. ווער ערנסט. ווער כמור־נע. כ'פארגעס גלייך מיין פריערדיקע התפּעלות און אַנטציקונג פון זייער שוועסטער־ליבע. די ווילדע הנאה ווערט פארשוואונדן ווי פון אַ בייזן ווינט געטריבן. איצט שטייט פאַר מיר די פרוי מיט וועלכער איך שטיי אין קאמף; וועלכע איך האָב אזוי משוגע ליב און וועלכע איך האָס אזוי פאררוקט. איך צי איין די ברעמען און שטעל אַן דעם בליק פונקט אַנטקעגן אירן. איך סטארע זיך נאָך צו מאכן דעם בליק מיינעם וואָס בייזער, שארפער, שטעכי־

קער — א קאַנטר־אַטאַקע אַף אירן... אָבער עס גענלינגט עפּעס נישט דאָס מאָל. איך פּיל עס. איך וועל פאַרלירן...

זי איז קיין ברעקל נישט קריגעריש געשטימט. מיינע משוּ־גענע אויסלייגאַכצן, איבערקלערענישן און שלעכטע כונות האָבן קיין זין נישט איצטער. איר בליק דריקט אויך עפּעס אויס. און דאָס — נישט מער ווי פאַרוואונדערונג. נאָכמער: איך זע ווי די פאַרוואונדערונג שטייגט בא איר פון מינוט און רגע. ענדלאַך שטעלט זי זיך איין און מיט א געמאַכטער גלייכגילטיקייט פרעגט זי:

— איר, איצטער, דאָ?

מער האָט זי קיין צייט נישט געהאַט צו רעדן, ווייל ערשט איצט האָט פאַניע סאַמעט זיך מיט קוראַזש אַנגענומען פון זיין באַהעלטעניש אַרויסקריכן, געגנוי שוין הערנדיק אונזערע הייימי־שע, באַקאַנטע שטימען. דערזעענדיק בעלא'ן, איז ער צו איר גלייך צוגעלאָפן, זי אַרומגענומען און זיך מיט איר ברודערלאַך צעקושט. דאָ האָט זיך די אַלטע אויך אויפגעכאַפּט און די שמחה איז שוין באַלד געווען פאַרפולט...

באַלד זענען איר אַלע באַפאַלן מיט א סדרה קלאָץ־קשיות: „ווי זי פאַלט גראַד אויס אין אַזאַ צייט צו קומען... ווי דער וועג איז איר דערגאַנגען... וואָס מ'הערט אַף דער וועלט... וואָס מ'רעדט.“...

זי האָט אַף קיין איינציקער פון די אַלע געשטעלטע פראַגן נישט געענטפערט, נאָר גלייך, נאָך אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכן זי האָט זיך ערשט מיט עטלאָכע מינוט פריער געפינען, זיך אויס־געניכטערט און מיט איין מאָל אַלץ אַרומגענומען, די גאַנצע לאַגע באַקלערט און אָפּגעשאַצט.

— שנעל — האָט זי א קאָמאַנדעווע געטאָן — דעם טויער גוט פאַרמאַכן, באַוואָרענען! די טיר צוריגלען. ווייל יעדע מינוט קאָן מען אידישע הייזער באַפאַלן, אונטער'ן אויסרייד פון אַבלאַ־וועס, און וועלכן „נישט־כשר'ן“ מ'וועט דערבייַ כאַ —

דאָ איז זי שטיין געבליבן, זיך צוריקגעהאַלטן, צוליב מיר...

דעם וועט מען דאָך נישט מער ווי דערשיסן! — האָב איך איר ארויסגעהאָלפֿן.

אָבער מיין שטייפקייט האָט זי נישט אָנגעהויבן באַוואונדערן אפילו. זי האָט בלויז דעם קאָפּ פון מיר אָפּגעווענדט, ווי איינע רעדט: „איך זאָג זיך אָפּ אַנטייל צו נעמען אין דיין איבערדריסיקן שפּיל...“

בראָניא האָט געוואָלט די טיר פאַרמאַכן, נאָר די שכנ'טע האָט געבעטן, אַז „בלויז איין רגע זאָל מען צוואַרטן. זי וויל בלויז אריינלויפן צו זיך אויף א ווייליטשקע, א בליק טאָן צום קינד, צי עס שלאָפט דאָרט. זי קומט גלייך צוריק. באַ איר איז דאָך אַזוי אומעטיק, אַזוי לאַנגווייליק, כאָטש טענה זיך אויס מיט די ווענט... און איר מאַן איז דאָך... א רוח אין זיין הארץ אריין מעג אים דאָרט...“

זי איז ארויסגעלאָפן און די גאַנצע פעטקייט מיט זיך מיטגעשלעפּט, טרעסלענדיק אויף זיך. זי איז אָבער גלייך צוריקגעקומען מיט איין גדולה, אַז „אַלץ איז אין בעסטן אָרדנונג: די דינסט שלאָפט שוין מיט'ן קינד. נאַכט געמאַכט. און פאַרטיק די פיש...“

איך האָב נישט געוואוסט פון וואַנען ס'האָט זיך פּלוצים גענומען, נאָר גלייך האָט בראָניא טיי דערלאַנגט מיט גוטע צובייסאַכצן — היימיש געבאַקענע געבעקסן. מיר איז אָבער שפּעטער קלאָר געוואָרן: דאָס איז פון בעלאַ'ס רייזע־קוישל ארויסגענומען געוואָרן. און מיר גייט מען געבן אָנפילן די קישקע... אָבער, האַ, וואָס גייט עס מיך אָן? א יאָלד בין איך? א יאָלד מיט פּאַפּירענע דראָטן מוז איך זיין, כי־כי. בעלאַ איז דאָ... וועמען־זשע גייט עס אָן, אַז זי איז דאָ?... אַז די בריאה האָט שוין גאָר א ניי לעבן אין דער טויטער אַטמאָספער אריינגעברענגט; אַזש די קאַלטע, פאַריאוש'טע ווענט האָט זי מיט איר וואַרעמען אָטעם אָפּגעפרישט; דאָס גאַנצע שאַטנדיקע געוועב פון דעם שטובל פאַרטריבן מיט איר אַנוועזנקייט...

אלע האבן זיך צום טיש געזעצט און מיט פליים גענומען זופן די טיי פון אנגעברענטן צוקער. בעלא האט באקומען דאס ווארט. אלע אויגן זענען געווענדט געווען צו איר.

זי איז שוין איצט געזעסן אינגאנצן א בארואיקטע, א גליק־לאכע, צווישן אייגענע. אירע באקן זענען געווען רויט, דערהיצט פון דער הייסער טיי און צופרידנקייט. זי האט געשיינט...

זי האט מיך אויסגעפרעגט פארשידענע זאכן. וועגן באקאנטע, וועגן מיר אליין. און אויב איך וויל אזוי פריינטלאך זיין — ווייל, דעם אמת מיר זאגנדיק, האט זי זייער א שלעכטע מיינונג וועגן מיין סארט „פריינטלאכקייט" — זאל איך איר דערציילן, אלץ, וואס מיט מיר איז פארגעקומען, פון דער צייט אן, וואס מ'האט זיך נישט געזען. ווייל איצט, דענקט זי, איז פונקט די צייט דארויף.

האב איך איר געענטפערט, אז אפגערעדט שוין פון דעם, וואס איך האב כמעט נישט וואס צו דערציילן. ווייסן עס שוין אזוי אויך אלע, חוץ איר, בעלא'ן. צווייטנס, זענען מער פערזאנען דא פאראינטערעסירט צו הערן וואס זי האט צו דערציילן, פון די עלטערן אפשר, היימישע ענינים, גיכער ווי מיינע עסקים, פרעמדע...

כאטש די לעצטע באמערקונג מיינע האט זיי בייז געמאכט, האבן דאך אלע געמוזט צוגעבן, אז „אביסעלע בין איך גערעכט". און זי האט דערציילט די אלט־באקאנטע נייס:

# XIII

„אהינצו־וועגס, א היים, איז געווען נאָך צו דערליידן, כאָטש אויך נישט ווייניק געזונט אוועקגעלייגט. ס'איז געווען פּאַרטאָג, ווען איך בין פון דאַנען צום וואקזאל געגאנגען, שטיל און פינסטער־לאָך. ווינציק פּאסאזשירן דאמאלס געפאָרן. כמעט גאָרנישט קיין אידן. ס'א וואונדער? א קלייניקייט מ'האָט אויסצושטיין!..

„בלויז קריסטן זענען געפאָרן. רייכע פּאַנעס, שליאכטעס. א ביסל פּויערים און א קליינע צאָל סאָלדאטן. איז בלויז דורכ־געגאַנגען פון רעדן צווישן זיך. פון וואָס רעדט מען? פון „אידן", נאטירלאָך. דאָס איז די הויפּט־טעמאַ. „באָלשעוויקעס" — די צווייטע אָפּ'ן צעטל. צוזאַמען קאָמבינירט זיך גוט: „אידן־באָל־שעוויקעס". מיט דעם שעפּט זיך עס אויס. די פינסטערע קליקע בלויז אָנצוקוקן. פון דעם רייכסטן פּריצישן מאגנאט — ביז דעם אָרעמסטן, נידריקסטן פּויער־קאָפּ, סטרוזש...

„א שטיקל אינטערעסאַנטע סצענע האָב איך בייגעוואוינט איין סטאַציע פון אונזער שטעטל. „אינטערעסאַנט", זאָג איך. עס וואָלט, מעגלאָך, געווען ריכטיק זיך אויסגעדריקט, ווען עס איז נישט אזוי ווייטיקלאָך, אזוי ווילד־פּאַנאַטיש..

„צו אונז אין וואגאָן האָט אריינגעשטייגט א קריסט. אן על־טערער מענטש שוין. און גראד מיט א שיין־געקעמטער באָרד. אז באַ מיר אַליין איז די ערשטע רגע געווען א צווייפל אויב די באָרד באַלאַנגט צו א קריסט. ער האָט גיכער געקאָנט מאכן דעם איינדרוק פון א רייכן אריסטאָקראַטישן אידן, ווייל די קליידונג איז געווען קורץ און נעט. נו, האָט איר באדארפט זען א ברוך הבא דער קריסט מיט דער „אידישער באָרד" האָט באקומען פון די פּרייוויליקע פּאַרטיידיקער אונזערע, וועלכע כאַפּן זיך אריין אין די ציווילע וואַגאָנען נאָר צוליב אזעלכע צופאַלן. האָבן זיי זיך

געגומען צו אים. איר וואונדערט זיך? גאר פשוט: זיי האבן אים אנגענומען פאר א איד.

„און די פריצים אויך. זענען זיך געזעסן מיט די פאוואזשנע מינעס און ממש אנגעקוואלן פון דעם שפיל. געשמאלצן זיך אין לויטער נחת. אפענערהייט האבן זיי אונטערגעהעצט און אונטער־געוואונקען די פינסטערע, אזוי אויך צעיושעטע לעגיאנען, אונטער־געגעבן זיי היץ. ווייל, פאר וועמען זיך זשענירן? פאר א איד נישט. און קריסטן מוזן אין פוילן אין דעם פרט איייניק זיין, סאלי־דאריש זיין. ווייניקסטנס — די מערהייט.

„ווער קאן איבערגעבן ווי זיי האבן דעם קריסט געפייניקט! אלץ דערפאר וואס ער האט געהאט דאס גרויסע אומגליק אף זיך — די שיינע גרייז־גראע בארד. יענער האט זיך געשוואוירן. גע־צלמ׳ט זיך. געדופן יעזוס׳ן מיט דער הייליקער בתולה מאריע צו־הילף. עס העלפט נישט. נאר די בארד אונטערצינדן. ס׳האט פשוט פונ׳ם ארט געהויבן. איינער רייסט א האלבע בארד לינקס, אן אנדערער — רעכטס. דער אלטער מאן שרייט פון ווייטיק. און די מענטשן־חיות זיצן ארום און קאטשען זיך פון געלעכטער.

„איר ווילט אודאי וויסן דעם סוף? יא, דער סוף איז פונקט ווי אפגעמאסטן פאר אזא מדינה ווי אונזערע אין מיטן בליאונג, אין מיטן אנטוויקלונג. האבן אים ארייגעשלעפט אין קלאזעט און — איר פארשטייט שוין דאס איבעריקע..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אבער עס איז דאך א נול אנטקעגן דער רייזע אף צוריק. אך, אויב ס׳וועט אזוי אנהאלטן...

„ווען איך בין נאר אריינגעקומען אין אונזער שטעטל, האב איך גלייך דערזען דעם חורבן. מיט א טאג פריער איז זיך געהאט א סך מיליטער אנגעקומען, איז, בא׳ם ערשטן אריינמארש, האבן זיי, די „רעפובליקאנער קעמפער", גלייך געמאכט א ראבונעק — פאר א פארשפרייז. ארויס אפ׳ן מארק, איבערגעקערט מולטערס מיט אויבסן און עסנווארג, פראדוקטן. און ספעציעל, פארשטייט

מען, בא אידישע קרעמער. מערדערלאַך געשלאָגן די טאַרג־לייט, פרויען און קינדער אריינגערעכנט, ווען יענע האָבן מיט זייערע קערפּער דאָס ביסל אָרעמקייט געוואָלט באַשיצן. און באַלד נאָכדעם האָבן זיי זיך איבער דער שטאָט צעלאָזט און זיך צו דער „ארבעט" גענומען. אַלע אידישע געוועלבן צעראַבירט. סחורות גענומען און ארויסגעוואָרפן אין גאַס, וואו ס'זענען געשטאַנען גויעס, סטרוזשקעס, און אַלץ צעכאַפּט. מיט די באַגנעטן האָבן זיי, די זעלנער, געריסן, געשניטן די סחורות, צעשטערט, צעטרעטן, פאַרשמוצט... וועלכן אייגנטימער פון א געוועלב מ'האָט אָנגעטראָפן האָט מען געשלאָגן...

„און די פּאָליציי" ?

„יאָ, די פּאָליציי האָט אָנגעהאַלטן „נייטראַלקייט". דאָס איז בלויז א „פּריוואַטער ענין". זיי דאַרפן זיך נישט מישן...

„וואָס די עלטערן מאַכן ? לייכט זיך פאַרצושטעלן. איך האָב זיי אָנגעטראָפן אין איין שרעק. גלייך האָבן זיי מיך אָנגעהויבן מוסרן פאַרוואָס איך בין געקומען אין אַזאַ צייט, דאָס זעלבע, וואָס איר וואַרפט מיר איצטער דאָ פאָר. דריי וואָכן זיך אָפּגעמאַטערט דאָרט און באַשלאָסן צו פאָרן צוריק אַהער. די עלטערן אַליין האָבן מיך צוגערעדט. ווייל דאָ איז ווייטער פון'ם פראָנט. דאָרט הערט מען שוין א האַרמאַטן־שיסעריי...

„בין איך אַלזא געפאָרן. האָב עקסטרע גענומען דעם מאָרגנדיקן צוג נישט צו דאַרפן פאָרן באַנאַכט און דער פּולווערדיקער לופט. האָט זיך מיר אויסגעצאָלט...

„די ענגשאַפט — דערשטיקט צו ווערן. אַן עולם... אידן א וועלט, שמוגלאַרס, מלחמה־סוחרים. זייערע גליקן... די אומבאַקוועמלעכקייטן וואָס זיי שטייען אויס... מיר דאַכט, אַז א מענטש מיט א ברעקל געפיל דאַרף נישט קאָנען זיין קיין שמוגלאַר... און דעם מאָדנעם טיפּ שמוגלאַר, וואָס די מלחמה האָט באַשאַפן : יונגע ווייבלאַך און מיידלאַך. א קליינער פּראָצענט מענער. די פון קליין־פּוילן, וועלכע האָבן נאָך נישט קיין דינסט־פליכטן.

„פויערים א מענגע. גאנצע רייזנדע געווארן. פונקט זענען היינט א סך זעלנער געפארן. פארביסענע פויזנער פאטריאטן. האבן זיי אין זייערע וואגאנען זיך דערוואוסט, אז ס׳פארן היינט א סך אידן, האבן זיי זיך גלייך, אן דער קלענסטער שטערונג, ארי־בערגעפעקלט אין די ציווילע וואגאנען אריין. און לויט אלע אנגע־נומענע אויסגעארבעטע כללים געגומען פראוועון סדר. די איינגע־פירטע מאדערנע אינקוויזיציע: שניידן בערד, רייסן ביז׳ן בלוט אריין, ברענען, צופן...

„טייל אידישע פאסאזשירן זענען גאנצע סטאציעס אין די פרעוועטן אפגעזעסן. און זיי וואלטן שוין, די ארעמע, געווים מיט דעם צופרידן געבליבן. האט מען זיי אבער אנטדעקט. האט מען באשלאסן זיי דערפאר צו משפט׳ן. זענען אטא די ווילדענישן מיטאמאל שופטים געווארן. די ביליקסטע שאנד־ווערטער אף די ריכטער־שטולן געלאזט פאלן. דער סוף: „מען דארף די שולדיקע דורכן פענסטער פון א וואגאן ארויסווארפן“. אלע איינשטימיק. דאגעגן — קיינער נישט.

„מיינען אנפאנגס אלע, אז דאס איז נישט מער ווי א שפאס אזא געלונגענער. ווען זאל איינפאלן, אז זיי מיינען ערנסט מיט דעם פסק דין?

„די אנגעקלאגטע שטייען אינ׳ם רעדל און טארן קיין איין פרייען באוועג נישט מאכן. צווינגען זיי זיך נעבאך א געמאכטן שמייכל ארויסצוברענגען, כדי נישט אזוי אפן זייער שרעק ארויס־צואווייזן. אבער ווי אומבאהאלפן דאס קומט ארויס.. ווי רחמנות׳־דיק.. ווייל זיי ווייסן, די הילפלאזע, די הפקר־נפשות, אז עס איז גאר נישט אוממעגלאך דעם קולטורעלן משפט דורכצופירן. א, קיינמאל וועל איך די סצענע נישט פארגעסן! אוממעגלאך פון זכרון אויסצוקריצן!..

„און דא — גערעדט און געטאן. א משפט איז א משפט. די זאך איז באשלאסן. מ׳גייט נעמען דעם אורטייל פארווירקלאכן. מ׳רינגלט ארום ענגער די קרבנות. די שווארצע זשאווער־קייט פון

בעסטיאַלישן אינסטינקט... ס'ווערט ארומגעצוימט פעסטער און שטאַרקער. מ'נעמט ציילן:

— איינס — צוויי — דריי! איינס — צוויי — דריי!

„מ'הויבט אויף די פאַר'משפט'ע. מ'גייט וואַרפן.

„די לעצטע ווילן זיך נישט לאָזן. דער אייביק־מיסטעריעזער טויט־שרעק שטאַרקט זיי. ראַנגלען זיי זיך מיט אַלע כחות. זענען אָבער דאָך שוואַך און באַזיגבאַר קעגן אזוי פיל באַוואָפנטע קעגנער. נעמען זיי שרייען אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג — דער לעצטער פּרואוו.

„זייטיקע מענטשן, ס'רוב פרויען, וואָס האָבן די גאַנצע צייט געשוויגן, קאָנען שוין מער נישט באַהערשן זיך, די איידעלע סטרונעס, דאָס מענטשלאַכע, איז גובר דאָס אויסגערעכנטע, געשעפט־מעסיקע שווייגן. און די קולות לעכערן דורך די לופט. די האַרציקע ווי־געשרייען פון מענטשלאַכער ווייכקייט אַרויס...

„דאָך האָט עס פונדעסטוועגן שוין געשטערט די כוליגאַנעס דעם פּלאַן דורכצופירן. דער טומל איז געוואָרן אזוי שרעקלאַך און גוואַלדיק, אַז זיי האָבן זיך כמעט ווי פאַרלוירן. אָבער נישט מער ווי אַף א ווײַלע. ווען עס האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט זענען זיי געגאַנגען נעמען נקמה פון די „שרייער", וועלכע האָבן זיך אַליין אויסגעגעבן אַלס „אידישקעס". אַז אויך א קריסט מיט א האַרץ און געוויסן קאָן פּראָטעסטירן אַף אזא גוואַלד־אַקט — האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען. הויבט זיך ווידער אָן דער צווייטער אַקט: מ'גייט זוכן שמוגל בא די פּראָטעסטאַנטן. ווערן זיי מיט איין מאָל גוט און פרום און גייען פאַרהיטן דאָס לאַנד פון שפּעקולאַציע און שווינדל. און אַט אַף וואָס פאַר אַן אופן:

„מען באַפאַלט ווילד יונגע פרויען און מיידלאַך. חיה'ש, ברוטאַל, רייסט מען זיי אויף די קליידער, די בלוזקעס, און מ'רייסט און מ'קנייפּט מיט דעם ליידנשאַפטלאַכן, נידריק־הנאה'דיקן ברען, מיט די שאַרפע, בלאַטיקע נעגל אַרום נאַקעטע פרויען־לייבער, מיט היגטישער היציקייט... און די באַפאַלענע שרייען, וויינען פון עקל, פון ווייטיק, פון שאַנד.. די מער־מוטיקע ווערן זיך —

כאַפּן זיי קלעפּ. קיין פּונק אַפּשיי פאַר דער פרוי... גייען די קולות ביז צום הימל... ס'לעכערט ממש די לופט דורך...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. האַסטיק דעם אָטעם געצויגן. אין אירע אויגן האָט א פּייערל געגליט. האָס האָט זיך אין זיי אָפּגעשפּיגלט. גלייכצייטיק א טיפער, פּילבאַרער ווייטיק...

זי האָט געהאַט א נשמה.

און זי האָט פאַרענדיקט:

„איך וויל זיך נישט פאַרשווייגן. אויך מיך האָט מען נישט איגנאָרירט. אויך בא מיר האָט מען.. נו, געוואָלט זוכן. כאָטש איך בין צווישן די „שרייער" נישט געווען. און נישט געשריגן האָב איך נישט צוליב דעם, ווייל איך האָב נישט געפילט צו פּראָטעסטירן אף אזא ברוטאַלן אַקט, אָדער איך האָב געוואָלט פאַרבאָרגן מיין אָפּשטאַמונג, — איך בין נאָך ווייט נישט פּעאיק אף אזא נידריקן, אף אזא פּחדנ'שן געדאַנק אפילו — נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל כ'האָב נישט געקאָנט זיך באַנוצן מיט אזא פאָרם פון פּראָטעסט... נישט געקאָנט אַנווענדן קיין ווייבע, קיין רחמנות־דערוועקנדיקע מיטלען בא די ווערים, הגם קיין אַנדערש איז נישט געווען. איך קאָן נישט... ס'איז קליין... כ'וועל ליבערשט שטאַרבן — איידער צו קניען פאַר א גראָביאַן מיט א שאַרפער, געלאַדענער ביקס...

„איך האָב זיך נישט געלאָזט, באַין אופן. איך בין געווען איינגעשפּאַרט, צופיל פאַרביטערט, הפקר, אז איך זאָל איבערקלערן וואָס דער רעזולטאַט קאָן זיין. זיי האָבן מיך בא די הענט געהאַלטן. צייכנס געמאַכט: ברוין־בלאָע שיניאַקעס — זעט...

„ערשט אין שטאָט, דאָ שוין. דאָס שטיקל וועג פון דער באַן־סטאַציע אהערצו. מיליטער — ווי זאַמד... אלע מאָל האָט אַן אַנדער זעלנער צו מיר א האַנט אויסגעשטרעקט; געפּאַכעט מיט די פויסטן איבער מיין פּנים אין דער לופט אריין; א פּוס אונ־

טערגעשטעלט; די ביקס אין די אויגן אריין געשטופּט... און אַלץ איז נאָך אין דעם געלעגן אַ היבשע מאָס העפלאַכקייט, ווייל כ'בין אַ פרוי. אַ סימן האָט איר דאָך: כ'בין דאָך נאָך גאַנץ אַהיים געקומען. נאָר אַנטלויפן דאַרף מען! אוועק! אוממעגלאַך זיין מיט זיי זיך איינצולעבן...“

אַ לאַנגע שטילע פּויזע. די שטימונג פון די אַנוועזנדע איז זייער אַ געדריקטע. אַלע פילן, אַז די לאַגע איז ערנסט און קריטיש. סאַמעט, בראַניאַ, די אַלטע באַבע, אַלע קוקן זיי מיט גרוים ליבע אויף איר, כעלאַ'ן, מיט גרוים מיטגעפיל... איך אויך. אויך מיר איז זי איצטער מיט איר דערציילונג, מיט דער האַרציקער, אויפ־ריכטיקער, גאַליקער שילדערונג, מיט די אָפענע, נישט־באַפּוצטע אויסדרוקן, מיט אירע ליידן בכלל, גאָר נאָענט און נאָענט געוואָרן...

# XIV

דערנאָך איז זי דורכאויס באַשטאַנען, אַז איך זאָל פון זיך דערציילן. אַלץ, וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען, זינט זי איז אַפּגעפאָרן.

און איך האָב דערציילט. געמוזט איבער׳חזר׳ן דאָס פריערדיקע. און זי האָט זיך פאַראינטערעסירט.

— צי האָב איך נישט עפּעס בא זיך איצטער צום פאַרליינען פון מיינע „אייגענע" זאַכן? אָדער וועל איך ווידער זוכן זיך אויסצודרייען פון דעם דורך אַן אומגעלונגענעם תירוץ, וואָס גילט בלויז פאַר אַנדערע אפשר...

דעם מאָדנעם פּרעטענזיעזן טאָן.

איך בין אָבער נישט געווען איצטער אין אַזאַ שטימונג אירע ווערטער שלעכט אויפצונעמען. איך האָב עס געלאָזט גיין. ס׳האָט זיך מיר געוואָלט איין מאָל אין יאָר כאָטש זיין אמת׳דיק...

איך האָב ארויסגענומען אַן אייגן „פאַרפאַסונג", וואָס איך האָב ערשט נישט לאַנג צוריק געהאַט אָנגעשריבן אונטער׳ן איינדרוק פון טאָמאַס האַרדס „העמדל".

די ארומיקע האָבן זיך צוגעגרייט ווי צו עפּעס וויכטיקס. האָבן זיך נענטער צום טיש צוגערוקט און צום לייענער. סאַמעט, בראָניא און די שכנטע, אַלע האָבן זיי שוין מיט אומגעדולד געוואַרט איך זאָל אָנפאַנגען. בעלא׳ס פּויזע האָט קיין געשפּאַנטקייט נישט געוויזן, פון וועלכן איך בין זייער צופרידן געווען. אַ באַוואָרענונג פאַר אַ שפּעטערער אַנטוישונג. דאָך האָב איך, נישט זעענדיק, נאָר אינסטינקטיוו פילנדיק, באַמערקט ווי אַלע קוקן אויף מיר. און דאָס האָט מיר גענומען אַ שווערע אומאָנגענעמקייט פאַרשאַפן. און נישט מחמת גרויס באַשיידנקייט, נאָר צוליב אַן עגאָאיסטישן געפיל...

— און אלץ צוליב איר! — רייסט זיך בא מיר ארויס, מיינענ־דיק זי, כעלא'ן, דערפאר וואס זי האט דעם גאנצן עסק אנגעסט־ראיעט, און זיי, די ווערטע צוהערער, בין איך דערווייל זיכער, דענקען, אז איך האב שוין אנגעפאנגען די פארלעזונג, און „אלץ צוליב איר" — געהערט צו דער זאך...

איך האב אנגעפאנגען לייענען.

אן איינפאך לידל. פשוט געשריבן. ווערטער. אויבעפלאכלאך. נישט קיין אינערלאכע פארטיפונג. נישט קיין האלב־גענויער אנא־ליז איבער דעם מענטשנס נשמה־ליידן, צו וועלכן דאס ליד האט גראד פרעטענדירט. א געגראמטער פערז. א שווערער זאץ. אפשר אביסל הארציק. עטוואס טרויריק. א לידל, פון א יונגל אנגעשריבן, וואס האט דערצו א דראנג. אן איבונג. קיין שום נייס נישט אריינ־געבלאזן און דעם גופ'ל. אלין מאדערנע. די טעמע. דער סטיל. די שפראך. אלץ. און נאכמער, אן איבערטריבנקייט: איך האב גע־וואוסט, אז דאס ליד טויג נישט. אז דאס באשאפט גארנישט. איך האב עס דערפאר טאקע קיינמאל אין קיין רעדאקציע נישט געפרואווט שיקן, אדער צו אן אנדער מין ליטעראַרישער מבינות... ס'האט זיך בלויז צופעליקערהייט בא מיר אין קעשענע פארוואל־גערט. און... וואס האט מיך געארט? אז אלע שטייען צו און בעטן.. דערצו בין איך דאך אזא ווייכהארציקער, בטבע...

דערפאלג — א צולהכעיס'דיק איינגנשאפט.

דעם גוואלטיקן איינדרוק וואס דאס זיבן־פערזיקע, פיער־שורות'דיקע פארזעעניש האט אף זיי געמאכט. די צופרידנקייט, יאאנא געטלאכע...

און טאקע פאר דער פראסטקייט און איינפאכקייט פון דעם אינהאלט און פארם. זיי זענען געווען גערירט... „וואס דאס קינד האט געליטן"...

ווען איך פארמאג דאמאלס אביסל מער חוצפה לאך איך דאך פון די מענטשן, פון די ערלאכע, אזוי שטארק, הי, אזוי שטארק...

גלייכגילטיקערהייט, גארנישט מיינענדיק מסתמא, לייג איך מיר אזוי צענויף דאס געשריבענע שטיקל פאפיר אין פיער־פאכיקייט

און — איין ריס, א צווייטן, א דריטן — פּאַרטיק! אריין גלייך אין אויוון...

אַלע קוקען אַן דעם נפש מיט דער משוגענער הוידלקע.

— דאָס ליד — זאָג איך זיי — איז אַן אויסגעצייכנט ליד.

— יאָ, טאָ וואָס־זשע ט'איר צעריסן?...

— ווייל איך לייד פון א בוזים־קעשענע־ברוך. איך האָב עס סיי ווי נישט וואו צו האַלטן. א סך פון מיינע ווערטפולע חפצים האָבן שוין אַזוי זייערע טראַנטישע נשמות אויסגעהויכט...

דאָס האָט באַדאַרפט זיין פּאָעטיש גערעדט.

בראָניא מיט דער שכנ'טע, וועלכע האָבן מיר פריער פון גרויס באַגייסטערונג די האַנט געדריקט, אלס צייכן פון אָנערקע־נונג און דאַנקבאַרקייט, זענען איצטער נישט אין קיין קליינער פאַרלעגנהייט געווען און האָבן נישט געוואוסט וועמען צו באַשול־דיקן: זיך, פאַר זייער, מעגלאַך, איבערטריבענער אַנטציקונג, צי מיך — פאַר מיין דרייסטער, אָפענער פאַרלעכצונג אי פון זייער אָפּשאַצונג, אי פון פון מיר אַליין, פון מיין שרייבן אַליין...

סאַמעט, וועלכער האָט זיך אפילו פריער אין זיין אויסערגע־וועגלאַכער מיטגעריסנקייט נישט אָפּגעשטעלט פון א קוש געבן מיר, איז איצט געשטאַנען אין איין חרטה־פולער בושה. אָנפאַנגס איז גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן צו לאָבן דערפון. פאַרקערט: אַלע האָבן עס אָנגענומען פאַר א פאַרדינטער באַלוינונג. איצט האָבן אַלע שלעכט געפילט...

בעלאַ האָט די גאַנצע צייט מיט דער שטרענגסטער נייטראַל־קייט זיך פאַרהאַלטן צו דער סצענע און געשוויגן. צום סוף האָט זי זיך אַזוי אויסגערעדט:

— איר זענט דער פאַרוויקלטסטער, משונה'דיקסטער טיפּ, וואָס איך האָב ווען באַגעגנט. איר זענט אינגאַנצן צעטיילט אַף הוילע ברעקלאַך. יעדע רגע באַהערשט אייך אַן אַנדער ברעקל שטימונג און טוידט אַפּ די פריערדיקע...

— איך בין נישט ביידע, — האָב איך איר גערן געענטפערט — נישט משונה'דיק און נישט פאַרוויקלט. איך בין — ווי איך

האָב אפשר א רעכט זיך ארויסצוזאָגן, — דער היפּוך פון דיביידע, דער פּשוט׳סטער אומאינטערעסאַנטסטער פון אלע. איך האָב קונצן, אקראָבאַטישע איבונגען... דאָס אויסגעשטעלטע צעטל פּלע־נער: אזוי האַלטן זיך, רעדן, בויגן, מאַנירן — א שפּיי, כ׳בעט נישט איבער אייער כבוד! וואָס זעט איר, זאָגט מיר, אין מיר פאַר אן אויסטערלישס וואָס מ׳קאָן קריטיקירן? איר האָט צוגעזען פון מיר א סצענע. איר זאָגט זי איז „משונה׳דיק. פאַר מיר איז׳ס נישט אזוי. דאָס ליד געפעלט מיר מער נישט — צעריים איך עס. — ס׳איז דאָך מיין אייגנטום. איר האָט מיך געבעטן עפּעס פאַרלייענען האָב איך צוליב געטאָן. און לאָזט זיך דינען: נישט אַלס גוטהאַרציקייט, נאָר פרייוויליק, אונטער׳ן איינפלוס פון אזא מין „ברעקל שטימונג״, ווי איר ווילט. איך האָב, אייגנט־לאָך, געענדיקט. אויב איר האָט נישט פאַרשטאַנען מיין געדאַנק, איז נאָר די טיפקייט דערפון שולדיק. מיין נאָמען איז דאָך אייך באַקאַנט...

נאָך מיין דרשה זענען אַלע געזעסן שטיל. די מענטשן האָבן געמוזט באַמערקן אין מיר אן אַנגערייצטע שטימונג. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דאָס אומאויפהערלאַכע כראַפּען פון דער אַלטער. דעם קינד׳ס קורצן אָטעם ציען. פון דרויסן האָט מען קיין שאָרך נישט געהערט, פון הויף, כאָטש קיינער איז נישט געשלאָפן. יעדער האָט היינט באַ זיך אין שטוב א טרפה׳נעם. ווער איז טרפה? אַלע טרפה. מ׳האָרכט. די וועלכע ליגן גאַנצע טעג, וואַכן, אין די קאַמערן, אין די קעלערן באַהאַלטן, כאַפּן זיך איצטער ארויס, ווען דער טויער איז פאַרמאַכט און מ׳כאַפּט א מענטשלאַכן ביס, א שמועס, א וואַרעם זיך. און מ׳האַלט דערווייל אין איין האָרכן. מ׳לאָזט נישט אַפּ דאָס געהער אַף קיין איין רגע. טרויריק. א שווערער וואָלקן הענגט אין דער לופטן. א שווערע, אומזיכטבאַרע ריזנ־מאַסע דריקט אזוי שטאַרק אראָפּ, דריקט.

מ׳האָט זיך געכאַפּט, אז עס איז נאָענט צו צוועלף. שפּעט. מ׳דאַרף גיין שלאָפן. און כעלאַ איז מיד פון׳ם וועג. שווימט ווי־דער די פראַגע אַפּ׳ן נאַכט־אָרדנונג ארויף: וואו וועל איך שלאָפן?

איצט, ווען כעלאַ איז אזוי אומגעריכטערהייט אַנגעקומען, האָב איך דאָך אייגנטלאַך טאַקע נישט וואו צו שלאָפן דאָ, חוץ מיט סאַמעט'ן. אױף דעם אָבער האָט פּראָטעסטירט אי כעלאַ, אי די שכנ'טע. ביידע, מסתמא, מיט באַזונדערע כונות, אָבער מיט די זעלבע געדעכטע טענות: „אז זיי זעען נישט איין פאַרוואָס איך מוז גראָד שלאָפן צוזאַמען מיט סאַמעט'ן, מיר ביידע זאָלן זיך דאַרפן קוועלן, ווען איך קאָן האָבן אַ באַזונדער געלעגער דאָרט, אַ בעסערס, לופטיקער, באַקוועמער, געראַמער...„אָבער נישט אזוי שנעל האָט סאַמעט געוואָלט נאָכגעבן.און עס וואָלט טאַקע נישט אזוי שנעל באַ זיי צו קיין אויסגלייך געקומען, איך אליין זאָל זיך פּשרה־מעסיק נישט געווען אַריינמישן און בעטן זיי מ'זאָל מיר דערלויבן אליין צו באַשטימען.

אַלע זענען געווען צופרידן און איך האָב זיך אויסגעקליבן באַ דער שכנ'טע צו שלאָפן. נישט מיט זייער מאָטיוו וועגן אויסרוען זיך, נאָר צוליב עפּעס אַנדערש: באַ די סאַמעטס איז ענג. אַ קיד מיט אַ שטובעלע, דאָס אינאַנצן. מ'וועט זיך שעמען אויסצוטאָן איינער פאַר דעם אַנדערן. ס'איז נישט אַנגענעם. און צוליב דער אָרעמקייט אליין. אין דער פרי, מ'וועט נאָר אויפשטיין, וועלן זיי געבן צו עסן פון אַלדעם גוטס. איך קאָן זיי: זיי וועלן זיך ערגעץ באָרגן און געבן. און דאָס האָב איך נישט געוואָלט. איך האָב געוואוסט זייערע אומשטענדן. זיי האָבן עס מיר היינט אליין דערציילט.

די שכנ'טע איז געווען צופרידן. כעלאַ, דאַכט זיך, אויך. בראַניא, נישט וואָזשנע. און סאַמעט איז אַזש אינגאַנצן אױף מיר ברוגז געווען.

ער האָט זיך אָבער גלייך מיט מיר איבערגעבעטן, ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן געזעגענען און „גוטע נאַכט" וואונטשעווען, ביז מאָרגן. איך האָב אים דערקלערט און געבעטן, ער זאָל נישט זיין בייז אױף מיר, ווייל איך פיל ווירקלאַך אַ גרויסע שטעכעניש אין די זייטן און ווי נויטיק עס איז פאַר מיר דאָס אויסרוען זיך, נאָך

אַזאַ צייט אַרומוואַלגערן זיך, האָט ער מיר צוגעגעבן, אַז איך האָב א „קליין ביסעלע רעכט“ און חבר געוואָרן.

ווען דער ליבער ווייסט דאָמאָלס, אַז מיר זעען זיך צום לעצטן מאָל...

זיי האָבן מיך געבעטן און אָנגעזאָגט אומצייליקע מאָל, אַז מאָרגן, באַלד אין דער פרי, זאָל איך, למען השם, קומען אַריין עסן פרישטיק מיט זיי צוזאַמען. זיי וועלן אויף מיר וואַרטן. די שכנ'טע האָט דאָ בגנבה צו מיר אַ וואונק געטאָן, ווי גערעדט:

„זאָלן זיי וואַרטן...“

מיר גייען אַלזאָ.

שיינע פאַרנעמע דירות. לופטיק, הויך — אַ מחיה. ס'איז פינ־סטער. זי פירט מיך כמעט בײַ די הענט. די דינסט מיט'ן קינד שלאָפן שוין. זי ווייזט מיר אָן אויף אַ חדר'ל, לינקס. קאַנטיק — דעם מאַנ'ס. אַ באַזונדערס. האָט מיר אויך געוואונשן אַ „גוטע נאַכט“ און אַריין צו זיך אין צימער. עפּעס... כ'ווייס, ס'איז ניד־ריק: כ'קאָן אָבער נישט דערשטיקן דעם חשד אין מיר. צו פאַר־דעכטיק־פריינטלאַך איז זי מיר... אַ ווילד־פרעמדע... וואָס איז זי אויסן... ניין, אַ־גוטע נאַכט אַ גוט יאָר!...“

XV

שטאק נאכט. פינסטער. שטיל.

און איך קאן נישט שלאפן.

איך ליג מיר אין א ווייך בעט, א ווארעמס, מיט גוט־באפעדערט בעטגעוואנט. און עפעס גלויבט זיך נישט. ס'גלויבט זיך אפשר יא, אבער כ'פארשטיי עס נישט אינגאנצן: ווי קומט דאס צו מיר? און מאדנע: עס שטעלט מיך אפילו נישט צופרידן אויך. איך ווייס נישט: מיין איצטיקן געפיל קאן איך בשום אופן נישט אפשאצן. מיט אייניקע טעג צוריק ערשט, אז איך פלעג זיך בלויז אין דער פאנטאזיע אויסמאלן מיך ליגנדיק אף א לייטישן געלעגער — אך, ווי גוט און געשמאק דער געדאנק אליין איז געווען דערפון. דא — גארנישט. גארנישט מיט גארנישט. דאכט זיך, וואס וויל איך? ווער וויל דען אייגנטלאך עפעס? געפין איך זיך דאך צווישן אזעלכע פריינטלאכע מענטשן, מיט אזא זעלטענער באהאנדלונג. איך בין זאט, איך בין... אלנפאלס איז דאך מיר בעסער היינט ווי מיט וואכן צוריק, ווי מיט טעג צוריק... אבער עס נעמט נישט. שוין א מענטש אזא, זעט אויס... באנוגנט זיך מיט גארנישט. מיט גארנישט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„פאקאהאנטעס."

אט רייסט זיך דאס בא מיר פון דער פאנטאזיע ארויס. און פון די ליפן, דאכט זיך. איך האב עס וואו געמוזט הערן, אדער לייענען. א נאמען אזא מוז עס זיין. פלאנטערט עס זיך אן שום באזונדערן ווילן. אן שום ציל און זין. פלאנטערט זיך... זעלבסטשטענדיק? ניין! אייגנוויליק? ניין!.. פלאנטערט זיך.. גלאט אזוי.. רייסט זיך.. דורך די ליפן. דורך די ציין. רייסט זיך...

„פאקאהאנטעס“.

פיר זילבן. ס'קלינגט נישט שלעכט אפילו.

„פא־קא־האנ־טעס“.

„אבער פון וואנען האט עס זיך פארט צו מיר גענומען“? — נעמט עס מיך מאטערן. איך שטרענג זיך אן און וויל זיך דער־מאנען. אזא וויכטיקייט. כ'קאן אבער נישט. איך הויב אן ווערן נערוועז און אומנארמאל...

אך, געפאקט! ענדלאך געפאקט. א דאנק, א דאנק דיר, ליבער, גוטער זכרון מיינער! אן ענגליש ווארט. אן אמעריקאניש־ענגליש ווארט — א נאמען. באמערקט עס אמאל אין אן אמעריקאניש־געאגראפישן בוך. שוין, זיכער, אז די זאך איז באשטימט...

... אבער... אבער, אז איך הויב נישט אן צו קאנען לייע־ענען אן ענגליש ווארט — דערמאן איך זיך מיטאמאל — ווי אזוי־זשע האב איך עס געקאנט אין אן ענגלישן בוך באמערקן? נישט אנדערש: אזא ווארט איז גאר אף דער וועלט נישטא. אויסגעטראכט פון מיין נאסן מארך ארויס. אפנים אזא גוואלדיקע נייס בא מיר עפעס אויסצוקלערן איך זאל גרייט זיין צו דועלירן זיך מיט היל־צערנע שווערדלאך, אז די זאך איז ווירקלאך אין עקזיסטענץ?...

„יעדנפאלס, איז'ס זייער א נאריש ווארט“ — ווער איך ביין דארויף, פארוואס ס'האט מיך אזוי צערודערט. „דאס ווארט איז, זאג איך, אין דער אמת'ן זייער א פאסקודנע ווארט“... און איך דריי זיך ברחבה'דיק איבער אף דער צווייטער זייט...

א מין פרעמדקייט ס'הויבט אן בלאזן פון אלין ארום מיר. פון די שווערע גארדינען, וועלכע איך האב, ארייננקומענדיק, ארומ־געטאפט; פון די גלאטע שטולן; פון דעם פאלירטן, טייערן מעבל... פון אלץ, וואס איז דא, נעמט בלאזן אזא ווילד פרעמדקייט... און גלייך אף מיר... עס ווערט אזוי אומעטיק אפ'ן הארץ... אזוי טרוי־ריק, אז מיר דאכט איך וועל גאר אנהויבן וויינען... צעשרייען וועל איך זיך אפ'ן קול, ווי נעכטן, בא מיין בעל חוב, מ'זאל מיך ארויס־לאזן פון דאנען.. צעבליפען וועל איך זיך, צערעוועז, אז דער רוח וועט עס נעמען!...

ס׳עגבערט, עגבערט:

„ווי קום איך אהער? ווער בין איך? ווער זענען די משונה׳־דיקע מענטשן? וואָס אזוינס האָבן זיי אין מיר דערזען, וואָס מ׳גיט מיר אזא באהאנדלונג? זענען דאָך אזוי פיל ענלאכע אומ־גליקלאכע, ווי איך, פאַראַן. פאַרצווייפלטע, עלנדע, הונגעריקע... פאַרוואָס נעמט מען יענע נישט אריין און מ׳שיקט מיך צו אלדי שווארצע יאָר?... פאַרוואָס קומט מיר איצט דאָס גוטע ווארעמע בעט און יענע נישט?... ווער האָט מיך אהערגערופן? וואָס וויל איך פון די מענטשן האָבן? דער הייליקער אנטאָניע זאָל זיך גאָר מרחם זיין...“

דאָך דערשפּיר איך נאָכדעם אַ שטיקל באַפרידיקונג. אַ מין מידע אנגענעמקייט אין אלע גלידער זיך צעגיסן. עס איז דאָך מיר אַף אַן אמת אומגעהייער גוט. און ווי די פּאַכיקע פעדערן קוועטשן עס מיינע צעבראָכענע ביינער... די אָפּגעלעגענע קרזשי־זשעס, דעם אויסגעמאַטערטן גוף. הי, ווי ס׳קוועטשט... אפשר נישט ווייניקער ווי יענע אלטע בלעטער באַ מיר דאָרטן...

איך דערמאָן זיך אין מיין דירה׳לע און ס׳שוידערט מיך אויף. אַ פאַרגלייך: דאָרט און דאָ. ענדלאָך אבער באשליס איך, אַז „ס׳איז איין שווארץ יאָר — און פאַרטיק“. דאָרט געוועזן גאָר ביטער, דאָ איז אויך נישט גוט. בעסער: דאָ איז גאָרנישט. דאָ הויב איך נישט אַן וויסן וואָס עס איז...

די שכנ׳טע — מיין איצטיקע אמת׳דיקע שכנ׳טע — ליגט באַלד אין דעם דערבייאיקן שטובל מיט׳ן קינד. זי שלאָפט שוין מסתמא. איך האָב געהערט זי אויסטאָן זיך. די דינסט שלאָפט אין קיך. אַן אלט־פאַרדאַמטער מנהג. זי האָט מיך, די שכנ׳טע, געפרעגט, צי זי זאָל לאָזן ברענען אַ לעמפּל באַ מיר אין צימער, ווייל באַ זיי איז מען שוין אזוי צוגעוואוינט. אַ גאַנצע נאַכט מוז עטוואָס פלאַקערן אַ קליין נאַפט־לעמפּעלע. „מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש“, האָט זי געזאָגט, „בפרט היינטיקע צייטן...“ איך האָב איר געגלויבט אפ׳ן וואָרט, אַז זי איז נישט „מער ווי אַ מענטש“. גוט זי ווייסט עס. פאַראַן אזוי פיל, וואָס ווייסן נישט

אזא קלייניקייט... דאך האב איך איר העפלאך באדאנקט, פאלש צוגעשמייכלט דערביי, האב איר א הארט־ווייכן זאג געטאן, אז „נישט וויכטיק...״ געטראפן טאקע דעם ריכטיקן בעל פחדן... אפנים, אז ס׳מעג דערלויבט זיין צו צווייפלען צי דער טייוול אליין וואלט זיך נאכגעיאגט נאך אזא פרי ווי איך. מ׳עט דאך מיך אויסכאפן... ווער לאכט דען...

פאר דער האנט איז זי צו מיר די פיינקייט אליין. אין אזא סיטואציע, מ׳געפינט מיך בא איר אין הויז, באקומט זי נישט קיין קליינע שטראף דערפאר. א גישט־געמאלדענער, טרפה׳נער — א דעזערטיר...

פטור אן עסק. לאמיך בעסער עפעס קלערן.

איך ליג אין א שטארקן קאשמאר פון געדאנקען, ווי עלעקטרישע בליצן. עס בויערט און ברענט און עגבערט...

איך בין אין א צושטאנד פון האלוצינאציע... ס׳שווימט פאר מיר אפיר איין בילד נאכ׳ן אנדערן, ווי אף א קינאמאטאגראפישער פלאכטע... דער מאשין ארבעט. דער אפאראט קלאפט... און בילדער פליען, גאלאפירן פארביי און שווינדלען... בייטן זיך מאמענטאל... טיילמאל מישט זיך אלץ צענויף: שטיין מיט בלוט, מיט מענטשלאכע שארבנס... זאמד און אייזן און פייער... פאזיציעס מיט דראטן, מיט אקאפעס, מיט געווערן, מיט חיה׳לאך אזעלכע... באמבעס און שטיקנדיקע גאזן און טאנקס... און מיטאמאל נעמט זיך דאס אלץ צוזאמען, קניפן זיך צענויף, שמעלצן זיך צענויף, איינס אינ׳ם אנדערן אריין, איינס אינ׳ם אנדערן, ביז ס׳ווערט דערפון איין זאך, איין גרויסע זאך, איין גרויסע שווארצע זאך, מיט א שילד דארויף, אף וועלכער עס איז מיט בלוט־רויטע אותיות אויסגעקריצט איין ווארט בלויז — ציוויליזאציע...

אבער וויסטער שטן דו, וואס ווילסטו ? וואס וועט פארט מיין ביטערער סוף זיין? נעכטן בא איינעם, א פרעמדן, געגנעכטיקט, היינט — בא א צווייטער. נוץ אויס די טובות, וואס איך האס אזוי. מיין אפלעבן... מיין וואלגערן זיך.. מיין היימלאזיקייט...

מייז.. איך בין אַ הונט! — ווער איך אויפגעקאַכט. אַ הונט... און אַ היים, און עמיצעז... היינט געפינעז זיך נאָך משוגענע מענטשן, וואָס לאָזן מיך איבערנעכטיקן — גוט! אויסגעצייכנט. וואָסזשע ווייטער? וואָסזשע וועט מאָרגן זיין? איבערמאָרגן? אין טויזנט יאָר ארום, אַז איך וועל דערלעבן, וואָס וועט זיין? עס מוז דאָך אַמאָל דער פינסטערער סוף קומען... נאָך אַ טאָג, ווידער אַ טאָג, וואָס ווייטער?... האַ... וו־אָס וו־ווײ־ט־ט...

די געדאַנקען הערן לאַנגזאַם אויף אַפשפּיגלען די פאַלשע זעאונגען און בילדער. די אויגן זענען שוין לאַנג צוגעמאַכט. עס וואַרפט זיך נאָך דורך שטיקלאַך, ברעקלאַך, האַלבע, אָפּגעהאַקטע זעעורדיקייטן, פּאַסירונגען, שוועבען פאַרביי... דער שלייער ווערט אַלץ טונקעלער, פאַרצויגענער, צוגעדעקטער... אַ לאַנגע, לאַנגע קייט... אָבער ביסלאַכווייז ווערט עס אינגאַנצן פאַרשוואונדן... אוועק.. דאָס האַרץ קלאַפּט אין מיר פון שוואַכקייט און אויפרעגונג... צום לעצט, גאָר צום לעצט, שימערירן רויטע, קײלעכדיקע פונקען פאַרביי... שפּריצן, צאַנקען אין דער פינסטערניש אַרום. צאַנקען און בלענדן. עס שרעקט עטוואָס און ס׳שרע־ע־ע..

וואָס נאָך ?

כ׳ווער אַנטשלאָפן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זייער אַ שווערער, פול־מאַטערנדיקער שלאָף. דער שוויים באַגיסט מיך אינגאַנצן. אינ׳ם שלאָף פיל איך ווי אינווייניק אַרבעט עס אין מיר. איך אָטעם קורץ און שווער. אָפּגעהאַקט און טאַקטלאָז...

ווידער חלומות, פּלאָנטערנישן, זעאונגען. ווי דאָס מוטשעט מיך אויס. . .

צום לעצט — גיב איך זיך פּלוצים אַ כאַפּ איבער. אַן אומפאַרשטענדלאַכער געפיל האָט מיך אויפגעוועקט. אַ געפיל פון גרעסטער דערשטוינונג.

וואָס איז דאָס ?... ווי, וואָס איז דאָס...

איך גלויב נישט מיינע אויגן און מיין פאַרשטאַנד. איך טרוי נישט מיין מעגלאַכן באַגריף, מיין חוש, מיין...

איז׳ס ?...

גוואַלד, וואָס איז דאָס ?...

איך פיל האַרט לעבן מיר אַ קערפּער. אַ הייסן, זידיקן, פלאַ־מיקן קערפּער פון אַ פרוי — פון מיין שכנ׳טע...

אין מיין גרעסטער איבעראַשונג, אין מיין טעמפּקייט און פּוסטקייט, אין מיין אַבסאָלוטער אוממעגלאַכקייט צו דערגיין, וואָס דאָ קומט פאָר, קאָן איך קיין איין וואָרט פון מויל נישט אַרויס־ברענגען. קיין קלאַנג... איך האָב גאָר קיין כח און דאַכט זיך קיין פרייען ווילן נישט צו באַוועגן זיך.. איך ליג ווי פון אַ נאַר־וואָס אויפגעכאַפּטן הינער־פלעט. איך ליג שטום. איך ליג טויט — אַ האַלץ...

זי ליגט לעבן מיר און די גאַנצע שווערע וואָג אירע לאָזט זיך פילן. באַ מיין אויפכאַפּן זיך, גיט זי אַ קליינעם ציטער אויף — און נעמט מיך אַרום... מיט אירע דיקע גרויסע הענט נעמט זי מיך איננאַנצן אַרום און שלעפּט מיך צו זיך... מיר זענען ביידע נאַקעט. איך און זי... איך פיל ווי איר קערפּער ברענט איננאַנצן פון תאוה און באַגער... אירע בלוטן שטורמען הייס און קאָכן.. אויפגעברויזט זענען זיי און גליענדיק... אירע אָדערן ברענען און פּולסירן זידיק... איך פיל איר פייערדיקן אָטעם גלייך אויף מיין פּנים בלאָזן... זי ברייט מיך איננאַנצן אויף.. מיט אַ ווילדן, איבער־מענטשלאַכן כח און רייץ דריקט זי זיך מיט איר פליישיקן קערפּער צו מיר... פרעסט זיך איננאַנצן אין מיר אריין. און שלעפּט מיך מיט זיך... דער ליידנשאַפטלאַכער אָנפאַל אירער איז אַ ווילדער און ברוטאַלער...

איך ליג נאָך אַלץ ווי אַ תם און הויב נישט אָן וויסן וואָס דאָ טוט זיך. נאָכמער: איך האָב אפילו פאַרלוירן די פעאיקייט אָפּ־צושאַצן אויף דער קלענסטער מאָס כאָטש איר גנוואַגטקייט און חוצפּה; איר גראָבע אומפאַרזיכטיקייט... מיר פאַלט גאָר נישט איין איצט. טעמפּ. איין כלל: טעמפּקייט באַהערשט מיך...

אָבער דערנאָך, דער ערשטער קלאַפּ אין מיין מח:

„אַ פרוי פון אַ מאַן... אַ מאַמע פון אַ קינד..."

און וואָס דאָס מיינט, ווייס איך נישט. פון וואַנען די שטים איז געקומען, ווייס איך אויך נישט.

„אַ פרוי פון אַ מאַן... אַ מאַמע פון אַ קינד..."

און זי האַלט מיך פעסט אַרום. און מיט דער ריזיקייט פון דעם פלאַקערדיקן באַגער דריקט זי מיין אָפּגעצערטן, דאַרן קערפּער צו אירן, צום פעסטן, מוסקולירטן, אַטלעטישן פרויען־קערפּער...

און איך זאָג גאָרנישט. מיין צעמישטקייט האַלט אָן. כ'ווייס נישט, מיר איז'ס אַליין שווער צו גלויבן: צי בין איך טאַקע אין דער אמת'ן אַזוי טעמפּ, צי מאַך איך זיך בלויז... אפשר רעד איך זיך איין... אָבער פאַר וועמען וויל איך זיך דען אויספּיינען? כ'ווייס בלויז, אַז איך בין געלעגן ווי אַ שטיין און געלאָזט טאָן מיט זיך אַלץ, וואָס יענער האָט זיך פאַרוואָלט. און נאָכמער: מעכאַניש האָב איך נאָך געמוזט אָפּענטפערן טיילמאָל אויף יענערס גראָבע צערטלאַכקייטן... איך נעם זי אַרום — גאָר נישט פילנדיק קיין לוסט און באַדערפעניש דערצו... מיינע קורצע הענט קאָנען אָבער איר דיקן קערפּער נישט אַריינגעמען, די גאַנצע ברייט... איך ליג כמעט אין איר... זי איז טייוואָליש צופרידן. „דער ערשטער שטור־רעם, טראַכט זי, איז אַריבער אָן ווידערשטאַנד. ערשט קומט ווייטער..." זי ווערט ווילדער, געוואַגטער... זי רייסט מיינע הענט און שטופּט מיר אירע פולע, גראָבע ברוסט־פליישן... איך גראַבל זיך אין זיי, צווישן זיי, מיט מיינע פינגער אָן שום הנאה, אָן קיין שום באַפרידיקונג. גראַבל זיך... מאַשינאַל. און —.. אָט קומט ער, דאַכט זיך, אָן, דער פאַרשטאַנד, דער אמת'ער, דער ניכטערער דער קריסטאַליזירטער... און אָט איז כמעט דאָס ערשטע, וואָס לויפט פון מיינע ליפּן:

„אָבער בין איך משוגע?..."

עס ווערט פאַר מיר אַלץ קלאָר. אין איין מינוט. איך רוק זיך שנעל פון איר אָפּ. ווער גלייך בייז און אויפגערעגט.

„אבער בין איך משוגע?.. א פרוי פון א מאַן... א מאַמע פון א קינד... אבער בין איך משוגע?..“

איצטער ווייס איך פון וואנען דאָס קול קומט: פון מיין ריינקייט. פון מיין ביז איצט אפגעהיטענער ריינקייט...

און עפעס אנדערש בליצט דורך:

ריינקייט, אפגעהיטנקייט — וואָס איז דאָס? פאר וועמען האלט איך עס? מאַראַל. גלויב איך דען אין דעם? איז'ס דען מער ווי א ביסל שטויב אָט די גאַנצע היינטיקע מאַראַל?... א ביסל שימל... צווייטנס — מיר פעלט דאָך נאָך א שיינע פאַר יאָר צו זיבעציק... נענוג צייט תשובה צו טאָן... כ'וועל נאָך גענוג קאָנען וואַרענען אנדערע קעגן אזעלכע זאכן... פליכטן. — וואָס איז דאָס ווידער פאַר א מאכל? געבונדן מיט חתונה־רינגען? חופה־דראַנגען? געמאַכט די ברכה, פארזוכט דעם טראָפּן, צעבראָכן דאָס גלאָז — און שוין? אפגעקויפט? אף אייביק? און אז זי האָט דעם מאַן נישט ליב, אָדער פארקערט? אז די נאַטור פאָדערט אירס... מיין גאָט, די גבורה אנצוקוקן... די רויטקייט דערפון.. די צעהיצטקייט. אבער דאָס קינד... אבער דאָס קינד דאָרט... ס'ווערט מיר אזש ענג אין האלדז...

איך ווער אפגעקילט. אייגנטלאָך בין איך גאָר היים נישט געווען. א מין ווידערווילן כאַפּט מיך ארום צו איר, וואָס נעמט גריזשען און נאַגן. א געפיל פון עקל און פארדאמונג...

דאָס קינד הויבט אָן דאָרטן צו וויינען.

זי בלייבט גלייכגילטיק אָדער זי הערט פשוט נישט. זי איז אויסערגעוועהנלאָך ווילד פון דער נישט געזעטיקטער ליידנשאַפט. דורך דער געדיכטקייט פון דער פינסטערניש זע איך דעם אפגלאַנץ פון איר בליק, וואָס פונקלט מיט גרינער זשאַבע־גיריקייט, מיט די נידריקסטע פארלאַנגען...

און מיטאַמאָל אנטדעק איך:

פו, ס'אַרא מיאוסקייט זי איז! ווי פליישיק, גראָב און שמאַלציק... ווי ביליק, אוממאַראַליש — מ'לאָזט דאָס קינד ארויסרייסן פון זיך...

איך באשליס, אז די געשיכטע איז גוואלדיק סקאנדאליעז און נידערטרעכטיק...

בייזערהייט, שטארק אנגעצויגן, אויפגעשרויפט, גיב איך זיך א האסטיקן רוק אפ, אזש ביז'ן צווייטן עק וואנט.

איך נעם איינטענה'ן מיט איר מיט גוטן. ווייל זי אפקילן. כ'בעט מיך בא איר זי זאל מיך פשוט אפלאזן. כ'ווארן זי, ווען ס'ערשטע מיטל העלפט נישט. כ'מוסר זי, ווען ס'צווייטע איז ארויסגעווארפן. כ'דערצייל איר א מעשה פון הייראט־פליכטן, אין וועלכע איך אליין הויב נישט אן צו גלויבן. איצט אבער פיל איך, אז איך בין כאטש האלב אויפריכטיק. און זאל זי צוריקגיין צום קינד, די כלב'טע...

הערט זי מיך אויס און לאכט מיך אפ. איר קול איז פאר־שטיקט און פול מיט דעם אטעם פון צינישע אויסדריקן. איך זע, אז איך האב דא פאר זיך נישט קיין איינפאכן קלאץ, קיין פשוט'ע שטיק פלייש מיט צוויי אויגן, נאר א געניטע, דורכגעטריבענע פרוי...

— זי מעגן זיך שעמען און אינס ווייטן האלדז אריין, — האט זי אירע פיילן אף מיר געשליידערט — אז אזא „פריידענ־קער", ווי זי זאגן, זי זענען, זאל זיך אפזאגן פון א פרוי..."

און אפשר איז זי גערעכט געווען. כ'וויל גלויבן, אז נישט פיל וואלטן זיך געפינען, וואס וואלטן זיך אפגעזאגט פון אזא מיאוסקייט... העי, מיין מאראלישער גייסט האט אלזא געזיגט... געזיגט.. אוועק, דו פאסקודנע, שליידער איך זי פון איר אייגן בעט. פאשאל, זאגט מען. געזיגט, אלזא. מ'קאן מיט מיר גאר נישט מאכן...

אבער ליבער פריינט מיינער, צו וואס זיך פארשטעלן? צו וואס זיך אליין נארן? מעגלאך, ניין: זיכער, א שענערע אף איר פלאץ, א יונגערע, א רייצנדערע, הע, וואלט מיין מאראל געווען געשלאפן, זאגסטו? ווער ווייסט עס. דער טייוול ווייסט עס!...

איך בין געווען אַ חכם. אַ צדיק אין פּעלץ, אַ דאַנק דער אָפּ־געשטויסנקייט, וואָס איך האָב צו איר געפילט; אַ דאַנק דעם עקל, וואָס זי אַליין האָט, אין איר וואולגארער היציקייט, צו זיך באַ־שאַפן; אַ דאַנק דער מיאוסקייט פון איר קערפּער...

אָבער אפנים זי גיט זיך נאָך אַלץ נישט אונטער. זי האָט, ווייזט אויס, גאָר נישט בדעה מיך אָפּצולאָזן אַזוי שנעל. ווי בעסטי־אַליש פאַר׳עקשנ׳ט! וועלכע מיטלען האָט זי שוין נישט אויס־געפּרואווט מיך נאָכגיביק צו מאַכן!... ווי פאַרדאַמט געניט זי איז... איך בין אָבער געבליבן קאַלט — אַ שטיק אייז... די ערשטע, כמעט מיט גוואַלד־אַרויסגערופענע, באַרוישונג איז גלייך פאַרשוואונדן און מער האָב איך זי צו מיר נישט צוגעלאָזט...

פאַר מיר איז ערשט איצט קלאָר געוואָרן פאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי געריסן מיך פאַר אַ ביישלעפער צו האָבן. און ווי מיר מיט די סאַמעטס, זיכער, איז נישט אַף אַזוי פיל איינגעפאַלן איבערצוקלערן...

דאָס קינד האָט זיך נאָך העכער צעוויינט. איך האָב דייטלאַך געהערט די דינסט אַ באַרוועסע פון קיך אין דערבייאיקן שטובל אַריינשלייכן, וואו ס׳קינד איז געלעגן. אַ קלאַג אַ גרויסע: מ׳וועט זוכן דער מאַמען...

איך בין געוואָרן ווילד. אַ נאַקעטער, אַ פלינקער, אַ נערוועזער, בין איך איבער איר פּעטן גוף אַריבערגעשפּרונגען, אַרויס פון בעט. אייליק און אין גרויס אומאָרדנונג מיינע קליידער אין דער האַנט אַריין געכאַפּט, געפּרואווט אַנטאָן און נישט געקאָנט, מיך געוואָרן, נאַקעטערהייט צו דער טיר צו, אויפגעריגלט, אויפגעריסן, צוגע־קלאַפּט צו זיך, צוריק — און אַרויס, אַרויס אַפ׳ן הויף...

# XVI

עס איז געווען צוויי א זייגער באנאכט.

איך דריי זיך ארום איינער אליין אפ'ן הויף. אן איינזאמער, אן עלנדער, ווי אן ארוסגעווארפענער הונט, וואס פאלגט נישט. פאריאגט, פארדאמט פון אלעמען, פון אלץ — פארשאלטן...

עס איז געווען שטיל.

שא. אלץ שלאפט שוין אף אן אמת. די ווענט שלאפן, ליגן צוגעטוליעט, די קאלטע מויערן, איינס צום אנדערן, צוגעפרעסט... די דעכער שלאפן. דער גאניק שלאפט. די ערד שלאפט — שא... אומעטום שלאפט מען... נאכט...

עס איז פינסטער, חושך, ארום און אין מיר. און איבער מיר. אלץ איז פינסטער. אלץ איז חושך. מיין מזל זינגט מיר א לידל...

— וואס טוט מען פארט? הא? אבער וואס טוט מען פארט, פרעג איך! רופן גאט צו הילף, ווען יענער איז אף מיר אזוי איש להבה? ווען יענער איז זיך אזוי הארצלאז נוקם אן מיר? הע? רופן גאט צו הילף?

צוגעקלאפט, פארהאמעוועט אומעטום. טויט. קיין שום באַוועג פון עטוואס א לעבן, קיין אטעם, קיין צאפל, קיין... גארנישט. אוים. אפגעשטארבן — א פארשטארטקייט...

פינסטער. איבעראל פינסטער.

קיין שטיקל בלאקייט. קיין ברעקל העלע בלאקייט קאן מען אין דער הויכקייט נישט באמערקן. שווארץ. אן א שיעור שווארצקייט און מורא און פחד. וויסט און כמארנע איז אפ'ן הארץ און וויסט און כמארנע איז אין דרויסן. פוסט, לעער און שוידערלאַד.

— וואו גייט מען איצטער?

די פראגע שטעל איך טאקע זיך אליין און איך הויב נישט אן וויסן קיין ענטפער אף איר. איך ווייס נישט צו ענטפערן,

ווייל איך האָב נישט וואָס צו ענטפערן. ווייל איך ווייס, אַז דער ענטפער איז אַן ענטפער שוין פאַר זיך אַליין, פון זיך אַליין:

דער טויער איז פאַרמאַכט. פאַרשלאָסן אויף אַן אייזערנעם שלאָס. פאַרהאַקט און פאַרפעסטיקט מיט אַ פּרענט. עס איז קריג־צושטאַנד. עס איז די צייט פון הפקר. האַלט מען זיך דערפאַר אין איין באַוואָרענען. און ווייל מ׳האַלט זיך אין איין באַוואָרענען, אַלץ שאַרפער, אַלץ בולט׳ער טרעט אַרויס דער הפקר און ווייזט זיינע ציין, און ווייל דער הפקר ווערט אַלץ שטאַרקער, מאַסיווער, האַלט מען זיך אַלץ אין איין יאָגן. האַלט אַלץ די טראַגעדיע אָן, ווי אַ פאַרשטעלונג אַזאַ, אַן עקסטרע, אַ גע׳עיג: ווער ס׳וועט וועמען איבעריאָגן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר איז קאַלט.

מיר איז אַזוי אומברחמנות׳דיק קאַלט, אַז כ׳שווידער אַזש. אַזש אַ צאָן קלאַפּט מיר אין אַ צאָן. איך זע נישט מיין פּנים, ווייל ס׳איז פינסטער, ווייל ס׳איז חושך. אָבער כאָטש עס איז פינסטער און כאָטש עס איז חושך, זע איך דווקא יאָ מיין פּנים. פון דער געדיכטער, האַרטער פינסטערניש אַרויס זע איך עס, מיין פּנים, פיל איך עס, שפּיגלט עס זיך אָפּ... געל איז׳ס און גרין. ברוין און בלאָ איז׳ס פון ווייטיקן, פון קעלט און קרעמפּן... פון גייסטיקע און פיזישע און מאָראַלישע ליידן... פאַרקרומט איז׳ס, פאַרענדערט, פון איבער־דער־מאָס׳דיקע יסורים...

מיין פאַרדרוס איז נישט אָפּצושאַצן אין ווערטער. איך בין בייז און ווייס נישט אויף וועמען...

ווי גערן וואָלט איך איצטער גענומען אַ פּויק, אַ טרומייט, אַ שופר, די הילכיקסטע, די אויער־רייסנדיקסטע טאַצן, אַ גאַנצן קאַצן־מוזיק־אָרקעסטער צוזאַמענברענגען און נעמען אַזוי פאַר־עקשנ׳טערהייט פּויקן, האַקן, בלאָזן, באַראַבאַנעווען, גרילצן, אַז דער אשמדי מיט אַלע שדים זאָלן זיך איבערשרעקן; אַז די אַלע גע־מיטלאַך־שלאָפנדיקע, וואָס קאָנען אַזוי רואיק, אַזוי פאַרברעכע־

ריש־רואיק און הנאה'דיק זיך ליגן און חלום'ען פּערדס־אַפּפּאַלן, אין דער צייט, ווען זייערער א זון, זייערער א ברודער וואַלגערט זיך ווי א פאַרוואַגלטער, עלנדער הונט אַרום; ווערכער ווערט פאַר־שטאַרבן פון זיינע אייגענע טריט; וועלכער ווערט משוגע פאַר זיין אייגענעם שאָטן; אין ווען דאָס האַרץ האַלט זיך שוין קוים... — קלאַפּן וואָלט איך אַנגעהויבן, ליאַרמען און שרייען, אַז אַלע וואָלטן זיי זיך איבערגעוועקט, די מיאוסקייטן, אונטער די האַרטע קלעפּ, אונטער די בראַזגעס, אַלע... און זיי וואָלטן שטום פון שרעק געוואָרן; און זיי וואָלטן געלעמט פון פרייד געוואָרן; און זיי וואָלטן שאַדנלאַז פאַר דער וועלט געוואָרן, — דאַמאַלס ערשט וואָלט איך געקילט זיך, וואָלט געקייכט, געקייכט און גע־פּלאַצט פון געלעכטער, פון דעם גרויסן שפּיצל. . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

א שטיינער, ווען איך קלאַפּ איצטער אַן צו די סאַמעטס — בליצט דורך א געדאַנק. אַבער באַלד כאַפּ איך זיך צוריק. ווי וואַגט מען אַזוינס? פּונקט אין מיטן דער נאַכט. יענע שלאָפן. דערצו נאָך אַזעלכע איבערגעשראָקענע מענטשן. און וואָס פאַר אַן אורזאַך גיט מען זיי אָן? אך, א ריינער משוגענער איינפאַל, נישט מער, נישט ווייניקער. . .

איך זעץ זיך אַנידער אַף די טרעפּ, וואָס פירן אַרויף, אין די אויבערשטע דירות פון הויז. טוליע זיך גוט איין אין מיין גראָבן פּאַלטאָן, אַבער אַזוי פעסט... און מיטן זומער טראָג איך א גראָבן פּאַלטאָן מיט א פוטערנעם קאָלנער דערצו... פּונקט אין שיינעם העלן זומער, מיין ליבער. . .

מיט דער הילף פון זיינע ווייכע, אַבער היבש אויסגעקראָכע־נע האָר, דערוואַרעם איך מיינע קאַלטע אויערן, מיין שטייף־געפרוירענע נאָז, מיט דעם פאַרשטאַרטן, ליימיקן פּנים. . . איך רוק זיך נעענטער צו צו דער פאַרענטש־אַנלעהן, וויקל בעסער איין דעם דאַרן גוף מיינעם אין פּאַלטאָן אַריין, דאָס פוילע זעקל ביינער. . און איך גיי, דאַכט זיך, פּרואוון אַזוי איינדרימלען א קאַפּ. . .

אך, ווי ס׳וואלט זיך טאקע אזוי מחיה געווען... די אויגן שניידן אזוי פיינלאך... ס׳שטעכן אזוי די פלייצעס פון מידיקייט... יא, מידיקייט... איך בין ערשט אכצן יאר אלט...

נאר אט דערמאן איך מיך, אז עס טויג נשט. אז עס הויבט נישט אן צו טויגן. אז איך טאר גאר איצטער נישט טראכטן אפילו פון שלאפן. אז אויך דאס פארגעניגן איז מיר פארבאטן. מ׳טאר נישט. געפערלאך. מיין גאט, וואסזשע מעג איך? אלץ דארף איך איבעררעכענען! טאמער, חלילה, פארשלאף איך?... טאמער פארגלוסט זיך ווען באוואוינער צו גיין בא נאכט אפ׳ן הויף ארויס — און מ׳באמערקט מיך?... שוין נישט רעדנדיק די וויר־קונג, וואס דאס קאן אף יענעם מאכן, וואס קאן עס אבער מיינען צו מיר?...

איך באמי זיך צו טראכטן פון עפעס, דערמיט דעם שלאף און די אנגעפאלענע מידיקייט פון מיר אפצוטרעסלען. איך סטארע זיך, וואו נאר איך האב ערגעץ א באקאנטן, א פריינט צי א שונא, אלע זיי אין מיין זכרון ארויסצורופן און טראכטן פון זיי, פון יעדן באזונדער. פון אלטע און נייע. פון אמת׳ע און פאלשע. טראכטן. יעדער פון זיי זאל באטש א קליינע מאס פון מיין צייט אוועקנעמען, אבי צו פטר׳ן זי...

מיינע עלטערן.

אך, מיינע עלטערן. זיי שלאפן מסתמא איצטער. טראכטן זיי פון מיר, פון זייער מוזיניק? חלום׳ען זיי וועגן מיר?... האבן זיי באטש א האלבן באגריף וועגן מיין פיין?... וועגן מיין עלנד און פארוואגלטקייט? וועגן מיין אלגעמיינעם לעבעדיקן צושטאנד.. איך שרייב זיי בריוו. א סך בריוו. אבער די גראבע ליגנס וואס איך שרייב זיי דארט ארײַן.... זיי לעבן דאך אונטער׳ן איינדרוק, אז איך בין דא צו א מענטש געגליכן... „עטוואס שווער דורכ־צוקומען", שרייב איך זיי, „אבער, מ׳לעבט דאך פונדעסטוועגן..." מ׳לעבט... נו, געווים לעב איך. דאס איז דאך די צרה דערפון... קינדיש געטריי בין איך זיי. וויל נישט זיי זאלן ליידן אף מיין חשבון. האבן גענוג געהאט שוין, די ארעמע... האבן גענוג אויך

היינט, איצט... עס איז די צייט דערפון.. אומגליקלאכע, ליבע.. אפגעריסן אונז. צעבראכן... דו גרויזאמער אומשטאנד! . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך טראכט און רעד צו זיך, פונקט ווי איך וואלט דערצו אנגעשטעלט געווארן. רעד צו זיך, טענה איין, שריי, וויין און שעלט... זידל זיך אליין און יענעם און אלעמען... איך וויל עפעס. ניין, איך וויל א סך. אבער איך ווייס נישט וואס... און איך ווייס נישט וואס דערפאר, ווייל איך ווייס נישט וואס פריער צו וועלן... ווייל עס פעלט דאך מיר אזוי פיל... עס פעלט דאך מיר אלץ.... עס פעלט דאך מיר דאס מענטשלאכע רעכט צו לעבן אף דער וועלט. . .

און איך קלער.

ווי אן אנגעשטעלטע מאשינקע זיץ איך און קלער. פונקט ווי איינער וואלט הינטער מיר געשטאנען און געקלאפט אין קארק אריין: „קלער"! און איך קלער... גלייך אין אט דעם מין אריינ־טראכטן וואלט באמת עפעס אפגעהאנגען. . . דא בין איך, ווי להבעים, אזוי מיד. אזוי שטארק מיד... און מיר איז אזוי קאלט — נישט איבערצוטראגן... איך ווארף זיך אינגאנצן ווי אין א פיבער־אנפאל... דא ווערן די געדאנקען מיטאמאל טעמפ און אפגעשטא־נען... ס'הערט זיך אויף צו טראכטן, צו דענקען... מסתמא, ווייל איך וויל עס דוקא יא... אלץ איז קעגן מיר... הוי, אלץ איז קעגן מיר.. די נאכט מיינע.. פינסטערע נאכט מיינע!..

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

א הארציקע פארביטערטקייט נעמט מיך ארום. אן עסנדיקער ווארעם נאגט מיין לעצט ביסל זאפט אויס. איך ווער שוין מיד פון'ם גאנצן לעבן און אפגעשטאנענע. פון דעם גאנצן מישמאש. מיאוס, דערעסן... מאט... פון אלע גרויזאמע שווערע קלעפ און ביטערע דערפארונגען און נוצלאזע קאמפן... איך קאן נישט מער. איך בין שוואך. איך שטיי אפ. . .

דער קאָפּ ווערט שווער. די אויגן קלעבן זיך צו פון זיך אַליין. קלעבן זיך, ווי צעלאָזטער בליי, בריען... כ'קאָן זיי בשום אופן נישט צוריק אויפעפענען. איך פיל, אַז איך גיי אַנטשלאָפן ווערן. איך ווייס גאַנץ גענוי, אַז נאָך איין מינוט אָוועק, צוויי, דריי העכסטנס — און איך וועל שלאָפן ווי געהרג'עט...

„אָבער לייכטזיניקע בריאה, — גיב איך אַף מיר אַ פוילן קרעכץ מיט אַ געניץ — ווייסט דען נישט, ווי שטרענג דאָס איז דיר פאַרבאָטן? הארב?... אפילו אַ שטיקל שווערן, מאָטן, אָפּגעהאַקטן שלאָף.. ע, זיי נישט קיין.. באַוועג זיך !...

איך נעם אַף זיך אַן אַנטשלאָסענע איבערמענטשלאַכע אויפגאַבע. מיט אַ גוואַלד פון אַ גזלן קעגן זיך אַליין, הויב איך מיך אויף, דערהאַלט זיך קוים אַף די פיס, וועלכע זענען שוואַך און פאַרשלאָפן. מיט אַן אומגעלומפּערטער באַוועגונג שאָקל איך פון זיך אָפּ די מאַנאָטאָנע פוילקייט און פאַרגליווערטקייט, די צוגעזוּסענע לאָז־מיך־געמאַך'קייט. צי איין דעם אָטעם. און אַף די שפּיץ פינגער גיי איך צו צום טויער הערן אפשר עטוואָס, וואָס אין גאַס טוט זיך.

איך קוק אַרויס דורכ'ן שליסל־לאָך, וואָס אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ קליינע זעאונג־שטרעקע. קודם כל — די שטילקייט. און נישט אַזוי, ווייל כ'זע זי, נאָר כ'פיל זי ממש. כ'טאַפּ זי אָן מיט די פינגער... די מיליטער־פאַרצוימונגען זענען שוין, ווי ס'זעט אויס, צעלאָזט, אויפגעבן. אַף ווי ווייט מיין בליק קאָן אַרומנעמען, זעט מען נישט קיינעם. אַף ווי ווייט מיין אויער קאָן אויפכאַפּן, הערט מען נישט קיין לעבעדיקן שאָרך, קיין פּיפּס...

ס'וועט שוין מסתמא היינט קיין אַבלאַווע נישט זיין. און דאָס איז דערפאַר, ווייל מ'האָט זיך געריכט. שוין אַלע מאָל אַזוי. מיט דער הילף פון אַ שוואַכן אָפּשיין פון אַן עלעקטרישן לאָמפּ אין ראָג פון דער גאַס, זע איך, פונקט אַנטקעגן איבער, אַ געוועלב, מיט שוואַרצע, ברייטע טויערן, מיט אַלערליי קינדער'שע אויפשריפטן פון ווייסן קרייד... איך באַמערק אויך עטלאַכע דורכגעשאָסענע ערטער — אַ צייכן, אַז אַנדענק פון די ערשטע שלאַכטן

צווישן דעם רוסיש־דייטשן מיליטאַריזם... (און דאָ פאַלט מיר איין אַ נייס: אַז קיינער דאַרף עס גאָר נישט וויסן, אַז די גאַנצע געשיכטע, ווי זי גייט און שטייט)...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָלט נישט געווען די געלונגענסטע צייט איצטער אַרויפ־צוכאַפּן זיך צוריק צו מיר? איבערשפּרינגען די פּאָר געסלאַך און — און ווידער אין דער פּאָסטקע. וואָסזשע איז דער אויפטו? וואָס וועט ווייטער זיין? מילא, זאָל זיך שוין זיין ליבער נאָמען זאָרגן. וואָס אַרט עס מיך אַזוי אַלץ? אַלצדינג מוז מיך אָנגיין? מיר קומט אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין: אַרויפגיין צום סטרוזש, אָנקלאַפּן, געבן אים אַ פּאָר מאַרק ער זאָל מיר בלויז עפענען דעם טויער און אַרויסלאָזן.. מער פאַרלאַנג איך גאָרנישט פון אים.. אָבער... אָבער בין איך עס אַ לעקעשל... נישט מער וויל איך פון אים, פון דעם הויכגעשטעלטן סטרוזש, נאָר אַרויסלאָזן פון דאַנען זאָל ער מיך... ווי נאַריש, ווי רחמנות'דיק־נאַריש איך בין... ס'הייסט פשוט נעמען און אַליין זיך פאַרמסר'ן צו די פּאַטריאָטישע וואַנ־צעס... מ'מוז זיך ערשט ריכטיק זען אויסצוהיטן פון אים. ער זאָל מיך נאָר נישט דערטאַפּן מיט'ן בעזים...

איך באַשליס אַלזאָ צו וואַרטן ביז פאַרטאָג, ווען דער אדון וועט אָנהויבן רייניקן דאָס הויז, און במילא שוין עפענען דעם טויער, דאַמאָלס וועל איך קאָנען זאָגן: „אַ גוטן טאָג, רבי באַרט־לאַמיע" — און מאַכן פּליטה

איך גיי צוריק אויף מיין אָרט און זעץ זיך פונקט אַפּ'ן זעלבן טרעפּל, וואו איך בין פריער געזעסן. אין דער פינסטערניש האָב איך עס אָפּגעזוכט... טוליע זיך ווידער אַמאָל איין אין מיינע מלבושים און טראַכט: איז'ס דען פאַר מיינע כחות אַזאַ שפּיל אויסצוטאַנצן? אַזאַ מיאוסע אַרויפגעצוואונגענע ראָל דורכצו־פירן? באַ מיין גאַנצער עקשנות'דיקער ענערגיע און ווילנסקראַפט — ניין. צו וואָס זיך נאַרן? ס'איז אוממעגלאַך אַזוי ווייטער אָנצוגיין. אמת, כ'באַקום צייטנווייז הילף, אָבער וויפיל בעלי

חובות האָב איך נאָך? און וויפיל איז מיר נאָך פון מיין גאַנצן פארמעגן איבערגעבליבן? און וואָס וועט שוין זיין, ווען מיר וועט, לאָמיר זאָגן, געלונגען די פּאָר געסלאַך, ביז צו מיר דאָרט איבערצושווארצן? און דאָס איז אויך נאָך א גרויסע פראַגע. ווייל פארטאָג, ווי געוועגלאַך, איז שטיל און פוסט אין גאַס, ווינציק פארבייגייער, ווארפט זיך יעדער איינצעלנער אין די אויגן. און אָנגענומען — יאָ, ס'גראָט. איך בין גליקלאַך אָנגעקומען. כ'בין בא מיר. פארהאַקט. פארשלאָסן. אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. ווי לאַנג זשע קאָן מען אזוי אויסהאַלטן?

אבי צו קאָנען זאָגן: כ'לעב! כ'עקזיסטיר!...

ס'איז דאָך ווירקלאַך זייער נאריש אזוי פיל צו ליידן פאר'ן בלויזן זיין...

זיין. אבי געווען. געלעבט. מ'שטיינס געזאָגט — געלעבט...

איך ווער אַנטשלאָפן.

# XVII

ווידער פארטאָג.

אין דער אמת'ן פרי. וויניקער פון זעקס א זייגער נאָך געווים. כ'דערקאָן אין דער לופט. און דער נאָנטקייט פון רוים. אין דער טונקלקייט פון קאָליר. דער טאָג־אָנפאַנג איז אַ שיינער, קאַלטער, א ריינער, דורכזיכטיקער.

וויפיל איך האָב זיך באַמיט נישט איינצושלאָפן, האָט נישט געהאָלפן. נישט געקאָנט ווידערשטיין די מידקייט. קענן מיין ווילן געשען. איך בין אָבער נישט געשלאָפן. איך בין גלאַט פאַר־גליווערטערהייט געלעגן, אָדער געזעסן און מיינע אויגן צו־געהאַלטן. מיין פויזע דאמאלס, כ'שטעל מיר פאָר, געווען אָנצוקוקן. א נפש געלעגן. א לעבעדיק שטיקל טויטקייט, אָדער פאַרקערט. געלעגן מיט צעקנייטשטע ביינדלאַך, צוגע־טוליעט און צענויפגעמישט מיט די שטאַכעטלאַך פון די צווישן־אָנלעגן, וואָס פירן אפ'ן גאַניק. בין געלעגן ווי אַ שטיק פּגר — און אַלץ מורא געהאַט. אַלץ נאָך אין זין. געהאַט, אַז אָט קאָן מען דעם טויער אויפרייסן, אויפברעכן, און א פּאָגראָם מאַכן — בין איך דער ערשטער... מורא געהאַט פאַר די באַשיצער אונזערע, פאַר די מעשענע קנעפּ מיט די שווארצע מאַנטלען.. מורא געהאַט פאַר'ן סטרוזש מיט'ן בעזים... פאַר א שכן.. מורא. הוי, נאָר מורא האָבן... פאַר דער גאַנצער וועלט מורא האָבן...

נו, בין איך שוין אויף. א גרויסן דאַנק צו מיר. א גליק נאָך — פאַר'ן סטרוזש. איצט דאַרף מען זיך זען אויסצוהיטן ער זאָל מיך נישט באַמערקן, איידער ער עפנט דעם טויער. דערנאָך — ויברח מאַטל — אַ היים!

אָט דערהער איך טאַקע א סקריפּען א פייפן פון א געעפנטן לאָדן. „מסתמא ער", טראַכט איך. „און אפשר עמיץ אַנדערש?"

וואס איז מיר דער חלוק? דאך וויל איך, אז ס'זאל דוקא זיין ער, דער סטרוזש, נאר ער. פריער איבערקומען. ארויסכאפן זיך פון דאנען און אראפ פון מארק...

נייז, טאקע ער, סטאך, ניין — בארטלאמיע. אט לאזט ער זיך אראפ פון די טרעפ.

א מיטל־יאריקער גוי. גרייז־גרא שוין. א טונקל־הויטיק פנים. דאס העמד איבער די הויזן, ווי די מאדע פאדערט. די הויזן אין די שטיוול אריינגעמאכט.

„א שלעכטער גוי", דערציילן די ווייבער, „א המן".

ער שארט מיט די גרויסע שטיוול איבער'ן גאניק. ער לאזט זיך אראפ. א קלאג, ער שטייט שוין באלד לעבן מיר...

איך לויף אפ'ן הויף, כאפ א שנעלן בליק ארום און ארום, זוך א שטיקל באהעלטעניש און געפין נישט, צום סוף כאפ איך זיך אבער אריין אין א מקום פון א גרויסארטיקן געשטאנק, אזש ס'פארכאפט מיר דעם אטעם.

„פארפאלן, זאג איך צו מיר, ער טאר מיך איצט בשום אופן נישט זען. ער וועט מיך שוין גאנץ איינפאך אננעמען פאר א גנב, וואס האט זיך איבער א דאך אריבערגעכאפט"...

ליג איך.

איך האב זיך פארקייטלט פון אינווייניק און דורך דער שפאַ־רע האב איך אלץ געקאנט זען, וואס ער טוט.

דאס גליק שפילט מיר צו פון אלע זייטן. ווייל פונקט פאלט אים איין צו נעמען דעם בעזים מיט דער לאפעטע, וואס האבן דארטן אין א ווינקל פון הויף אין פרידן גערוט, און לאזט זיך גלייך צו רייניקן מיין איצטיק באהעלטעניש, גראד ווי מעשה שטן...

וואזשע טוט מען?

פאראן דריי חדרים'לאך אזעלכע. איך געפין זיך אין דעם עקסטן פון דער לינקער האנט. און — יא, ער נעמט זיך... ניין, ער נעמט זיך... יא, ווי כ'בין א... ער נעמט זיך פונקט צום עקסטן פון דער רעכטער האנט. גליק, אלזא, עקזיסטירט. פעסטגעשטעלט דא אפ'ן פלאץ. איך, נישט פיל קלערנדיק איצטער, ווייל איך ווייס

דאָך, פּראָסטערהייט, אַז סיי ווי וועט ער דאָך מוזן צוקומען צו מיין חדרל אויך. איז, אַזוי ווי ער גייט אַריין אין יענעם, בין איך אויס די צייט. אַרויס אין דרויסן, אַ פאַרקירעווע זיך לינקס, אַרויף אַפ'ן גאַניק, אַפּ'ן צווייטן שטאָק — און וואַרט...

עס ווערט ליכטיקער. דער מזרח־ראַנד הויבט אָן גליען אין רויטקייט. גליען און פלאַקערן און די אויגן צו בלענדן. די פריי־מאָרגן זון קלויבט זיך אָפּצוקומען מיט איר פּאַק שטראַלן, די ליבע, גאָט־פאַרשאַלטענע באַשעפעניש צו קוויקן... די ליימיקע סטראַשידלעס... די אָפענע מערדערייען צו באַלייכטן, באַגלאַנצן און צום גוטן באַרעכטיקן. די גרויסע, די ליכטיקע פרייד קומט... צו וועמען ?...

נישט פאַר מיר שיינט די זון. נישט פאַר מיר וואַרעמט זי, גלעט זי, צערטלט זי. ניין. נישט מיך. איך וועל גליקלאַך זיין, ווען איך וועל שוין אין מיין פרייוויליקן געפענגעניש זיין. איך וועל צופרידן זיין מיט מיין איינזאַמען, פינסטערן געמיט דאָרט בשותפות. איך וועל מיט מיין פרייהייט גליקלאַך זיין. מיט דער דאָזיקער פרייהייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— גוט מאָרגן!

צוריק אין מיין אַלטער היים. צוריק מיט מיינע אַלטע באַקאַנטע. די איינציקע נאָענטע, וואָס מיר איז נאָך פאַרבליבן. די איינציקע און וועלכע איך קאָן זאָגן „מיינע“.

— זייט געגריסט, איר ליבע, איר האַרציקע, מיטפילנדיקע! קנאַפּע צוויי־און־פערציק שעה נישט געזען אייך. צוויי־און־פערציק שעה. וואָס האָב איך שוין אין אָט דער צייט נישט איבערגע־לעבט? וויפיל געפאַרן, פּלאָגן און משוגענע ווייטיקן האָב איך איבער דער צייט איבערגעשפּאַנט? צוויי־און־פערציק שעה זינט איך בין פון דאַנען אַרויס, פון דער נאַרע, גליק צו זוכן, פרייהייט צו זוכן, אַ באַרעכטיקונג פאַר אַ מענטשלאַך לעבן צו זוכן...

האָב איך עס געפונען?

— זייטזשע איר געגריסט!

אלץ איז ווי געווען. אומבארירט, ווי איך האב עס איבערגע־לאזט. אלץ אפ׳ן ארט. קיינער מסתמא נישט געווען דא. אלץ איז אין פולן ארדנונג. דאס בעטל מיינס — דער טאפטשאן — איז נאך אזוי אויפגעבעט. דאס קאפ־קישן — א פעקל צייטונגען — ליגט פונקט ווי איך האב עס פאר׳ן אוועקגיין אוועקגעלייגט. מיינע שפיגלען — די דאפל־פענסטער — הענגען אין דער זעלבער פויזע. מיין פאעטישער שרייבטיש... מיין... העי, איר ליבינקע מיינע, איך צערטל אייך... „ליבינקע" רוף איך אייך. כ׳געדענק שוין נישט ווען איך האב זיך באנוצט מיט אזא פוטערדיק ווארט... ווער־מען נאך האב איך איצט, אויסער אייך? אדרבא, רעדט, אויב איר ווייסט, רעדט!...

— ! ! ! —

א, גערעכט! אף מיין ווארט: גערעכט. איר הערט דען? איר זענט פולקאם גערעכט! פארגעסן. פשוט פון זין ארויס. און ברויט האב איך. און קעז האב איך. א גאנץ שווארץ ברויט מיט שטרוי האב איך.

נישט פארגעסן אן דער אכילה. אפ׳ן וועג ארייגעכאפט זיך צו א באקאנטן בעקער און באזארגט זיך מיט פראוויאנט אף א טאג. נישט געוואלט מער אויסגעבן דערוויילֿ.

דער ערשטער געדאנק, ארויפקומענדיק, איז געווען: לייגן זיך שלאפן. פון עסן האט גאר קיין רייד נישט געקאנט זיין. די נעכ־טיקע נאכט האט בא מיר דעם אפעטיט צוגענומען. איך בין געווען מיד. דאס נעכטיקע ווייכע בעט האט מיר נישט געשמעקט. האט מיר גאר אומזיסטיקע, פארדריסלאכע אויפרעגונגען פאר־שאפט.

די אוממאראלישע שכנ׳טע.

מיין טאַפּטשאַנדל — אַ מחיה... ווען אַרט עס איצטער וואָס אין דרויסן קומט פֿאָר? שלאָגט זיך, בייסט זיך, קושט זיך — מיינעטוועגן...

אַ גוטע נאַכט דעם טאַטן. אַ גוטע נאַכט דער מאַמען. אַ גוטע נאַכט אַלע קליינע מענטשעלאַך. אַ גוטע נאַכט אַלע שלים־מזל׳דיקע ברואים׳לאַך, אַלע דראַבנע מילבאַלאַך; אַלע זילבערנע ווערימלאַך. קריכט זיך איינס דאָס אַנדערע אין די לייבער אריין און נאַגט, זויגט, צאַפּט.. אַ גוטע נאַכט .. און אַ גו־טע נ־אַ־אַכט... צום טייוול מיט אַלע ווייבע בעטן!...

## XVIII

*Pojechala kobieta do rabina*
*Azeby on pomogl, azeby (ona) miala dzieci.*
*Wszystkie zydki jednem glosem!*

אוי ווײ, ווײ. און אוי ווײ, ווײ.
און אוי ווײ מיר, גוואלד, גוואלד!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מ׳דאַרף פאַרשטײן דעם זין פון די ווערטער.
„אַ ווײַבל איז געפאָרן
צו רבי׳ן,
אַז ער זאָל איר העלפן,
זי זאָל האָבן קינדער.
אוי ווײ, ווײ. אַ. אַ. וו.
אַלע אידן מיט אײן קול:
אוי ווײ און אוי ווײ... “

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אזעלכע פלאַנצונגען שפּראָצט מען אײַן אין האַרץ פון דער פּױלישער אַרמײ. אזעלכע לידער לערנט מען אירע סאָלדאַטן. דאָס האָבן זײ איצטער, גײענדיק פון „טשוויטשעניע“, מיך אויפגעוועקט.

פאַרשטײט זיך, ס׳איז חוזק. סאַרקאַזם. אָפּלאַכערײ. זײ שפּעטן אָפּ, אָט אַ די פרעג־מיך־בחרם־אויב־איך־לעב־גאָר׳דיקע נבלות. פון פאַנאַטיזם לאַכן אזעלכע פינסטערע מענשען, וואָס זענען אַלײן שוואַרץ און אויסגעגאָסן פון חושך. מיט אַזאַ הנאה

זיי זינגען עס די פאַרפאַסונג פון משמדים, אָדער „פּאַליאַקן פון משה'ס גלויבן"... אַ שטיק געזונט קומט זיי ממש צו.

„אוי וויי און אוי וויי..."

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָבן זיי מיך, הייסט עס, אויפגעוועקט. נישט פון די גאָר קלענסטע עולות פונדעסטוועגן. ווי געשמאַק און פּראַכטפול איך בין געשלאָפן... און אַט דער דאָזיקער האַרט־ביינערדיקער טאָפּ־טשאַן מיינער איז גאָר אין קיין מלחמה־געלט נישט אָפּצושאַצן...

דאַכט זיך, אַז איך ווער אַביסל הונגעריק אויך. מ'דאַרף זיך עטוואָס אונטערלענען דאָס האַרץ. און צוריקוועגס: ס'קומט מיר נישט? ווינציק שווער געהאָרעוועט אַף דעם געלט?

איך נעם רייסן פון דעם ברויטל לעבעדיקע שטיקער. די גאַנצ־קייט דערפון ווערט פאַרשוואונדן פריער פונ'ם בליק. איך קוק זיך בלויז אַלע ווײַלע אַרום מיט אַ חשד, צי האָט נישט ווער אומבאַ־מערקט צו מיר זיך אַריינגעכאַפּט און מאַכט מיט מיר אַ שותפות־געשעפט אַן מיין וויסן אַפילו. ווײַל נישט זעלטן טרעפט, אַז איך פאַרליר דעם חשבון באַ'ם וויפילטן בים איך האַלט און אַ קוק טור־ענדיק אַף'ן צעממית'טן נפש ווילט זיך בשום אופן נישט גלויבן, אַז אַלץ ליגט שוין אין מיר. אַז ס'הויבט זיך גאָר נישט אָן צו לאָזן הערן. אָבער דער קעז, מוז מען אומפּאַרטייאיש צוגעבן, איז אַ באַרימטקייט...

איך גיי צו צום פענסטער, שטעל זיך אין אַ האַלב־זייטיקער פּויזע, און כאַפּ אַ פאַרזיכטיקן בליק אַראָפּ אין גאַס.

פונקט צוועלף אַ זייגער. אַט שלאָגט עס אַף אַן אמת.

די גאַס איז פאַרט טויט. קיין שפּור פון לעבעדיקייט, רי־רעוודיקייט, ווי עס פלעגט זיין אַלע מאָל, כאָטש דאָס שטעטל איז אַ קליינס. דער טעמפּאָ איז דאָ אַלע מאָל געווען אַ רווישיקער, אַ פליסיקער. היינט שטייט אַלץ אַף אַן אָרט. ס'באַוועגט זיך נישט. אַט שלייכט דאָרט צייטנווייז אַ פאַרבייגייער דורך, אייליק, ציל־

מעסיק. מערסטנס זענען דאָס פּריווילעגירטע — פרויען און אַלטע לייט.

דער דורשט הויבט מיך אָן מאַטערן.

— אַ טרונק איצטער. וואו נעמט מען אַ טרונק?

איך דערמאָן זיך, אַז אַפ'ן דריטן הויף פון דאַנען איז פאַראַן אַ ברונעם. און איך קאָן קומען אַהין אויסמיידנדיק דאָס פּאָליציי־צירקל.

איך הויב אָן זוכן אַ כּלי אין וואָס אַריין מיטצוברענגען מיט זיך אַביסל וואַסער כאָטש נאָך אַף איין מאָל. איך געפין אָבער נישט. געווען אַ גלאָז, איז'ס צעבראָכן געוואָרן. איז, אַף קיין רעזערוו, אַלזאָ, האָב איך נישט צו רעכענען. לאָמיך נאָר אַזוי מצליח זיין...

קיין ברירה איז נישטאָ. מ'מוז טרונקען. איך כאַפּ מיין קאַש־קעטל, עפן די טיר — און בין שוין הינטן. פונדעסטוועגן האָב איך אַ קאַפּיטשקע מורא. איך קוק זיך פריער גוט אַרום. אַ קוק רעכטס, אַ קוק לינקס, אַרויס פון טויער — און מאַרש אַ העזעלע!

איך בין שוין אַף דעם געוואונשטן פּלאַץ. קיינער נישטאָ. ס'געראָט מיר גרויסאַרטיק. כאַפּ דעם פּלומפּ, שטעל אונטער ס'מויל — און צי און צי און צי... אַ, שיעור נישט אַ גאַנצע ברונעם וואַסער אויסגעזויגן. אַ האַלבע געווים. אַ קליינינקייט דורשטיק איך בין עס געווען...

איך לויף צוריק.

די גאַנצע געשיכטע האָט, העכסטנס, זיך געקאָנט פאַרציען אַף פינף — אַכט מינוט צייט. נישט מער. און דעם צופאַל. די ענדערונג אין מיין דאַמאָלסדיקן לעבן און אפשר אויך אַף דער ווייטער צוקונפט אַוועק. ווייל נישט צו נאַרן זיך, וואָס וואָלט איך געווען אויסגעשפּילט? נאָך עטלאַכע טעג זיך געווען געמוטשעט, אויפגעהאַלטן מיט חלשות־טראָפּנס, סוף כּל סוף אָבער, אָדער כ'וואָלט אַזוי געווען אויסגעגאַנגען שטילערהייט אין דעם פאַר־האַקטן ווינקל; וואָלט איינמאָל פון שוואַכקייט אַוועקגעפאַלן און — אויס מיט די ביינער, אָדער כ'וואָלט זיך באַוואוסטזיניקערהייט

געמוזט צושטעלן, אין דער „גערעכטיקייטס" הענט אריין אי־בערגעבן.

אבער —

ארויפלויפנדיק צוריק אף די טרעפ, האב איך געטראפן פונקט דעם בריווטרעגער אראפגיין. איך האב אים קונציק אויסגעמידן. מיר איז גלייך עפעס איינגעפאלן. כ'געדענק נישט גענוי וואס: א נארישער, אומבאוואוסטער פריידיקער געפיל האט זיך איבער אלע מיינע אברים צעגאסן. מיין הארץ האט גענומען האמערן. איך האב באלד פארדאפלט, פארדרייפאכט מיינע טריט ארויף. אין געוועגלאכן שפריין פלעג איך אריינגעמען איין שטיגעלע אדער צוויי. איצט האב איך גאנצע דריי און פיער שטיגן אין איין שפאן אריינגעכאפט. אין דער רגע בין איך שוין געווען לעבן טיר פון מיין סאלאן, א שארפן נעם דורך געטאן די גאנצע ארומיקייט און — מיין נישט גענארטקייט...

אין דער שפארע צווישן דער טיר־עפענונג איז א בריוו געלעגן. א בריוו אין א גרויסן גרינלאכן קאנווערט. מיט איין שטויס איז די טיר געווען אפן. פארריגלט זי פון אינווייניק און גארנישט געטאן, נאר געהאלטן דעם בריוו אין מיין האנט און געדריקט, געקוועטשט... צו מיין פרייד איז נישט געווען קיין גרעניץ. איך האב גלייך דערקאנט: פון דער היים. פון מיינע עלטערן. ענדלאך א בריוו. שוין א פאר וואכן נישט געהערט פון זיי. וואס שרייבן זיי? אך, איך האב קיין גדולד נישט דעם בריוו צו עפענען און לייענען. איך האב זיך פשוט נישט פארגונען. איך האב אבער שוין געוואלט וויסן וואס דארטן שטייט געשריבן. שוין, איידער איך פאנג אן לייענען. מיינע פינגער האבן געציטערט. „פארזיכטיק" — האב איך זיך בא מיר געבעטן — „פארזיכטיק, גזלן!...

ענדלאך, ענדלאך — אפן.

וואלט נישט געווען א יושר משוגע צו ווערן איצט פאר פרייד? מיין... ווי מיר גייט עס די לעצטע צייט...ווער קאן דען דאס איבערטראגן...

א גאנצער הונדערטער מארק איז אינ׳ם בריוו געלעגן איינ־געוויקלט. טאדעאוש קאשציושקא׳ס ליכטיקע צורה. דער מענטש איז דאך גאר קיין מענטש נישט...

— זייט באדאנקט, איר ליבע עלטערן מיינע! איר הארציקע! ווייסט איר באטש, וואס דאס געלט מיינט איצטער צו מיר? באגרייפט איר, וואס איר האט איצטער פאר מיר, אייער זון, געטאן? בא אייך איז׳ם דאך נישט מער ווי א נאטירלאכע פליכט. נישט אן ליבע מיין איך. בא אייך איז׳ם צוזאמענגעגאסן. זייט געלויבט און טויזנט מאל באדאנקט! איך וועל געדענקען, אויב איך וועל לעבן. איך וועל!...

מיין שוועסטערס האנדשריפט:

„מיר שיקן דיר דא אינ׳ם בריוו הונדערט מארק. היינט, אדער מארגן, שיקן מיר דיר אין א צווייטן בריוו נאך הונדערט מארק. אויב די קאנסט דארטן מער נישט זיין; אויב ביזט נישט געזיכערט געגוג — קום אהיים! וואס ס׳וועט זיין, וועט מען זען, קום אהיים!"...

„קום אהיים".

איז דאס א ווירקלאכקייט? „א היים". מיין גאט, א היים. פטור ווערן פון אלץ. פון מיין עלנד, פארוואגלטקייט, איינזאמקייט, מיין הימלס דינער, איך וויל דאך גאר נישט אנהויבן קלערן, אז אויך אין דערהיים דערוואַרט מיך נישט קיין גרויס באקוועמלאכ־קייט; אז דארט וועל איך קיין איינציקן טאג אפילו מיט מיין פרייהייט נישט זיכער זיין. איך וויל נישט דענקען דערפון. איך וויל נישט... איך פאר אהיים. זאל איך טאנצן פאר פרייד? וויינען זאל איך? אפשר לאכן? מיר ווילט זיך עס אלץ צוזאמען. גוואלד, מיר ווילט זיך די וועלט איינגעמען!..

א פאר חדשים שוין איך וואנדער אזוי ארום... פון שטאט צו שטאט וואנדער איך... זוך א שטיקל טרוקן ברויט צו פארדינען און א הינטישע פרייהייט... וויל מיינע העגט פארקויפן, מיין כח, מיין מארך, מיין פעאיקייט... וואס וויל איך? ארבעטן און פאר־דינען אף דעם ארעמסטן לעבן און נישט בא מיינע אלטע, ארעמע

עלטערן זייער לעצטן ביסן צונעמען... ווייסן זיי דען, וואס איך האָב שוין אַלץ אויסגעפּרואווט?... אַלץ איבערגעטאָן.. ניין, זיי ווייסן נישט. זיי שטעלן זיך אפשר פאָר... זיי שפּירן עס.. אָבער זיי ווייסן נישט אַלץ... ס'וואָלט זיי צופיל געקאָסט, ווען זיי ווייסן... היינט, וויפיל ענלאַכע קאָנקורענטן איך האָב אויף יעדן טריט, אויף יעדן שפּאַן — קאָנקורענטן...

## XIX

פארדאמט — אוועק! פרישע קוואלן פון אויפוואכונג, מוט, באגייסטערונג, קומט צו מיר! איבערפליסט מיך! באהערשט מיך! אפשאקלען וויל איך פון זיך דאס אלטע, דורכגעלעבטע, פארראס־טעטע. אפשאקלען. — א ניי לעבן, נייע האפנונגען, א נייער גלויבן..

איך גיי איינפאקן מיינע זאכן.

איך שלעפ אפיר מיין טשעמאדאן, וועלכער איז אויסגעבאדן אין שטויב און אין שפינוועבס. די לייוונטע איבערציעכץ איז אוועק־געריסן. די שטיקלאך לעדער בא די זייטן — אפגעשיילט. איין הענטל אפגעריסן אינגאנצן. דאס צווייטע הענגט זיך גלאט נאך, אן שום נויטיקייט. דאס בריאה'לע דערפון אנצוקוקן... פאמעלאך נעם איך זיך אן אלטע צייטונג און הויב אן ארומווישן דעם שטויב און שמוץ. און קיינער שטייט נישט הינטער מיר און יאגט מיך נישט. איך נעם זיך צייט. נאר ווען איך האלט שוין כמעט בא'ם עפענען די כלי, דערמאן איך מיך, אז אויסער א פאר קויטיקע וועש מיט א צוויי קויטיקע קאלנערס און א צעריסענער פארלאגע, האב איך דארטן נישט. און מיט איין מאל ווערט מיר פאר'מיאוסט דער גאנצער עסק, ווער איך פויל, פארליר דעם אפעטיט צו פארנע־מען זיך מיט דעם.

— א וואסער טאג איז היינט? קאן מען אמאל נישט געוואר ווערן א וואסער טאג היינט איז? פרייטיק, דאכט זיך. מסתמא פרייטיק...

איך הויב אן אויסרעכענען, אז אויב איך וועל נאך היינט מיט דער לעצטער פאסט דערהאלטן די אנדערע הונדערט מארק, וועל איך נאך היינט באנאכט קאנען ארויספארן און אף שבת בא־נאכט זיין אין דער היים. יא, אלזא, ריכטיק ווי גאלד און בלאטע. אף שבת באנאכט אין דערהיים. ס'פארשטייט זיך: ס'זאל אלץ גיין

כשורה. איז.. וואָס.. אַף שב.. נאָר וואָס איז דאָס? אָבער וואָס איז דא־א־ססס?...

א לעבעדיקער גערויש האָרט לעבן דער טיר. מענטשלאַכע שטימען. דייטלאַכע באַוועגונגען. און, דאַכט מיר, צו האַרטע טריט, צו פעסטע... צו... מיין דערשראָקענע פאַנטאַזיע נעמט מיך אָן בּאַ דער האַנט און פירט מיך אַף אַלערליי קרומע, פינסטערע געדאַנקען און אויסלייגאַכצן. מ׳קומט מיך צונעמען. וואָס טוט מען? מען קומט דאָך מיך צונעמען!...

די טיר גיט זיך אַ שטאַרקן פּראַל אויף. און איך פיל מאָמענטאַל, אַז אויך אין מיין האַרץ גיט זיך עפּעס אַ רייס אָפּ. מיין איינציקער געדאַנק: צום פענסטער. פאַרוואָס גראַד? כ׳ווייס נישט. צום פענ־סטער... איך לויף צו מיט אַ פעסטן, גרייטן, נישט אויסגערעכנטן באַשלוס...

איך קוק, איך זע, איך זע גאָרנישט.
איך הויב נישט אָן באַגרייפן.
בעלא דאָ? שלייף דאָ?
נישט אַנדערש — כ׳שלאָף. גאָר פּשוט: אַ חלום.
„כאַט אַ יד אַ וואַבאַווי,
כאַט אַ וואַב אַ ידאַווי...."

פון דרויסן דערטראָגן זיך די פיין־געשליפענע, ראַפינירטע פערזן פון אַ שגצל.

אדער אַ שווערער קאַשמאַר אַזאַ.
„שרהלע מאַ וואַב
כאַט׳ם קי־גל גימאַקט..."

אַ לאַנגע, אומענדלאַך לאַנגע ווייַלע האָבן מיר זיך קעגנזייטיק אָנגעקוקט מיט פרעגנדיקע בליקן פול מיט איבעראַשונג.

אַ לאַנגע, לאַנגע פויזע.
וואָסזשע, אייגנטלאַך?...

שלייף איז צו מיר צוגעלאָפן און מיך אַרומגעכאַפּט. און איך אים. מיר האָבן זיך צעקושט.

— ליבער, ליבער חבר...

— ליבער, הארציקער פריינט מיינער.... אזא צייט נישט געזען זיך. אזא צייט...

פאסקודנע, סענטימענטאלע ווייכקייט! איך בין אזוי גערירט געוואָרן פון זיין אומבאשרייבלאכער, טיפער פרייד מיך ווידער צו זען; פון זיין הארציק־אויפריכטיקן צופרעסן זיך צו מיר, — אז איך האָב אָנגעהויבן וויינען. מיין אידענע־מעסיקייט... ס׳איז נישט קיין אויסדרוק אזא. כ׳האָב געוויינט... פון א צערטלאכער סטרונע־בארירונג... קעגן מיין ווילן זענען די טרערן אָנגעקומען אין מיינע אויגן און איבערגעגאָנגען... טרערן. אזא זעלטנקייט בא מיר געווען...

— דערלויבט מיר... כ׳בין טיף גערירט... מיין דערשטוינונג איז ווירקלאך גרויס... איך וויל נישט פארלייקענען מיין פריידיקע איבראשונג צו זען אייך אזוי... אייך, — אנטשולדיקט — דעם קאַלטן, אָנגעבלאָזענעם, דעם עקשן; אייך, — אנטשולדיקט — דעם נישט־בויגיקן, עקסטלאזן נפש... זעצט אויס, אויב איר ווילט, קעגן אָט דער, מעגלאך, חוצפה׳דיקער אָפנקייט... אָפנקייט איז תמיד חוצפה׳דיק... זעצט אויס, אויב איר ווילט, קעגן אָט דער התפעלות מיינער צו זען אייך א ווייכן, א וויינענדיקן... איך קאָן אייך בלויז זאָגן, אז איך בין אזוי גליקלאך...

כעלא, דאָס וואונדער אליין רעדט אזוי צו מיר. איך קוק אָף איר און קאָן גאר נישט זאָגן. זי שטייט אין איר לייכטן הערבסט־מאַנטל. א הוט. א וויס־פוטערנער קאָלנער. זי וואַרט, זע איך. וואַרט אָף מיינס א וואָרט. זי איז רואיק, קיין ברעקל פארלעגנ־הייט, אָדער חרטה, אָדער בושה־געפיל פאר׳ן ארויסגעזאָגטן איז אָף איר פנים נישט צו מערקן. א שטאָלצע, מוטיקע, א פרייע, שטייט זי פאר מיר, אן אויסגערעכנטע, פאראַנטוואָרטלאכע, א וואונדערלאכע...

איך דערלאַנג איר מיין האַנט. דריק זי שטאַרק אין מיינער. איך לאָד און באַדאַנק איר פאר קומען מיך זען. זי איז שרעקלאך צופרידן...

— ווען איך זאָל באַטש געוואוסט, אַז איר קאָנט אַזוי שטאַרק צענויפדריקן אַ האַנט פון אַ שוואַכער פרוי — זאָגט זי זייער אויפגעלייגט — אַ קוועטש איר האָט געגעבן... — ווייזט זי ווייסע פינגער־צייכנס אויף איר עטוואָס רויטער, פון ווינט, געטאָק־טער האַנט — און אַז אייער זויערער — אַנטשולדיקט — פּעסי־מיזם איז נישט באַטש די הויפּט־אייגנשאַפט אין אייך, האָב איך נאָך פון לאַנג שוין געוואוסט... אָבער — בייט זי דעם טאָן אויף אַ טויט־ערנסטן — ווערט נאָר נישט גרויס בא זיך פון מיינע נאָ־רישע ווערטער הייַנט. און נעמט זיי נישט צו ערנסט אויך, זייט אַזוי גוט, ווייל אין בעסטן פאַל, זענען זיי נישט מער ווי אויסגע־שפּראָכענע־מאָמענט־שטימונגען. איך בין, אייגנטלאך, צו אייך גע־קומען נאָך אַ דערקלערונג, וואָס איר זענט אונז שולדיק, פאַרוואָס איר האָט אייער וואָרט נישט געהאַלטן און נישט געקומען צו אונז, ווי איר האָט צוגעזאָגט. מיר האָבן נישט קיין פאַרענטפערונג פאַר אַזאַ „פינקטלאַכן מענטשן", סיידן אַז אויסערגעוועגלאַכער צופאַל איז פאָרגעקומען. און דאָס פאָדערן מיר צו וויסן מיט פולער רעכט. דערצו איז נאָך מיין שוואָגער אין אייך פשוט פאַרליבט. כ'וויים אפילו נישט גענוי ווי נאָך עס איז געקומען, אָבער אַ פאַקט איז'ס. דאָ האָט אונז נאָך די שכנ'טע דערציילט זייער אַ מיאוסע, אומפאַסיקע געשיכטע וועגן אייך, באַטש קיינער פון אונז האָט איר נישט געגלויבט. אָבער אייער פּלוצימדיקער פאַרשוואונדן ווערן האָט דערוועקט אַ חשד. גייענדיק פריער אין גאַס, האָב איך צופעליק באַגעגנט שלייפ'ן און אים, פשוט, אַלץ דערציילט, וואָס מיר איז באַקאַנט וועגן אייך. נו, אַז איר האָט מזל צו מענטשן... אפשר אַביסעלע מער ווי — אַנטשולדיקט — איר פאַרדינט... מ'גלויבט נישט קיין שלעכטן טאָט אויף אייך... און טאַקע אַ דאַנק אים, האָב איך איצט אויסגעפונען וואו איר וואוינט. אָבער... נייַן, הערט... איר זענט נישט צופרידן, זע איך... טייטשט עס, אום הימלס ווילן, נישט אויס שלעכט. מיר זענען אייך פריינט און מיר געטרויען אייך. מיר ווען אייך גלויבן אַלץ, וואָס איר וועט זאָגן, גיכער ווי דער „נידריקער" שכנ'טע...

אויסהערנדיק די מאָדנע אמוזאַנטע געשיכטע, האָב איך צום ערשט דערלאַנגט אַ נאַרישן שמייכל. באַלד אָבער האָט זיך עפּעס אין מיר איבערגערעכנט און כ'האָב גלייך געמאַכט אַ בייזע, אָנגע־כמורעטע מינע:

— איך דאַנק אייך בעסטנס פאַר אייער נישט־פאַרדינטן צוטרוי. צווישן מיר מיט אייער שכנ'טע איז גאַנץ באַשטימט עט־וואָס פאָרגעקומען, אָבער איך נעם פון זיך אראָפּ דעם חוב וועמען עס איז דערפון אַ וואָרט צו זאָגן. און נאָך אַ זאַך: נאָך אייער גאַנצער דרשה, מוז איך אייך ערשט זאָגן, אַז פרעמדע אריינמישונג אין אַזעלכע אינטערעסן — אפילו פון אַזעלכע, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר פריינט — איז אַבסאָלוט איבעריק און קליין. מיר טוט טאַקע לייד וואָס איך האָב מיין וואָרט נישט געקאָנט האַלטן, אָבער זאָגט איר דאָך אַליין, אַז איר גלויבט נישט וואָס די שכנ'טע האָט אייך דערציילט. איז'ס נישט גענוג צו רעכטפאַרטיקן מיין נישט קומען? נישט מער: אייך ווילט זיך אַ הכשר פון מיר. זאָג איך אייך, אַז מיר גייט גאַנץ ווייניק אין לעבן פאַר יעדן איינעם זיך אויסצופיינען, מיין מאָראַל פאַרטיידיקן. איך פאַר סיי ווי היינט אָדער מאָרגן אוועק אהיים — און אויס דער גאַנצער עסק. האָט איר נאָך עטלאַכע נאָטעס צו מיר פאַר מיין אָפּפאָרן? — פרעגט שנעל, ווייל כ'וועל אייך סיווי נישט ענטפערן דאַרויף!...

דאָס לעצטע זאָג איך אַרויס מיט אַזאַ פיינלאַכער, הנאה'די־קער גראַבקייט, אַז אַ שטיק געזונט פאַלט מיר אָפּ. איך פיל, אַז איך וויל איר דאָס נישט זאָגן. אַז איך דאַרף איר דאָס נישט זאָגן. ווייל סוף כל סוף האָט זי דאָך קיין שלעכטס נישט געמיינט. איז דאָך מיין ענטפער אַזוי גאַליק און אומערטערגלאַך... און וואָס, אַז זי האָט מיך געפרעגט נישט אַזוי פאָרזיכטיק, אָפנעהיטן, גלאַט, געשליפן? — קומט איר אַזאַ ווילדער אָפּשניט דערפאַר? אָבער מיין משוגעת דערבאַרעמט זיך איבער מיר. איך זע ווי זי פאַלט בא זיך אראָפּ... ווי זי ליידט... האָט נישט וואָס צו ענטפערן, ווייל זי פילט באַנג, פילט זיך שולדיק... זי גלויבט, אַז איך בין געדעבט.. זי מיינט, אַז איך הויב אָן וויסן, וואָס כ'וויל, וואָס כ'רעד, וואָס

איך האָב פריער מיט אַ מינוט גערעדט... זי ווייסט נישט, אַז דאָס רעדט אין מיר דער נערוועזער פּאַרדרוס, פאַרוואָס איך האָב זי אַזוי משוגע ליב... זי ווייסט נישט, אַז איך וואָלט צייטנווייז פּעאיק געווען דאָס ערגסטע קעגן איר צו באַגיין, פאַרוואָס זי האָט מיך אין זיך אַזוי משוגע איינגעליבט...

עס איז פונדעסטוועגן אַריבער די אומאַנגענעמע סצענע. יעדער האָט מיט מער און ווייניקער געניטקייט געזוכט צו פאַר־דעקן און פאַרגעסן. מ'האָט גענומען רעדן „געשעפט־זאַכן“.

שלייף האָט דערציילט ווי ער איז שוין נאָנט צו צען מאָל „געכאַפּט“ געוואָרן. יעדעס מאָל אַף אַן אַנדערן פּאַספּאָרט און אַף אַן אַנדערן נאָמען. שוין פיר מאָל געווען „צוגענומען“. אַלע מאָל אָפּגעשוואָוירן צו „דינען געטריי“ דער רעפּובליק ביז'ן „לעצטן טראָפּן בלוט“. און אָט זיצט ער איצט מיט אונז, ביין־קלאַפּער, אָדער שלייף, ס'א חילוק?...

# XX

שוין קנאפע צוויי שעה צייט ווי איך גיי מיט איר ארום אין גאס.

וויסנדיק, אז זיי, בעלא מיט שלייף׳ן, זענען נישט אויסן מיין פרייהייט פון מיר אוועקצורויבן, האב איך זיך געלאזט צורעדן און אראפ מיט זיי פאר א קורצן שפאציר. ווייל ביז דער לעצטער פאסט־צעטיילונג איז נאך גענוג ווייט געווען. און וואס מער האב איך געהאט צו טאן?

שלייף איז לאנג מיט אונז צוזאמען נישט געגאנגען. בעלא האט אים פשוט אוועקגעשיקט, מיט דעם אויסרייד, אז ער זאל זען מיך צו באזארגן פאר דער רייזע מיט אלעם נויטיקן, וואס דארף דויערן א טאג מיט א מיטוואך.

נישט קוקנדיק אף מיין פראטעסט, אז איך וויל נישט ריזי־קירן מיט מיין פריינט׳ס פרייהייט פאר מיינע באקוועמלאכקייטן, ווייל ער איז דאך פאקטיש נישט אין קיין פיל בעסערן צושטאנד ווי איך, האט ער דאך, שלייף, מיט פארגעניגן איר באפעל אויס־געפאלגט. ער איז אוועק מיט דעם אפרייד פארנאכט־צו אלץ צו מיר ארויפברענגען.

שטיל אין דרויסן. וואס הייסט שטיל? מ׳כאפט נישט גראד. עטוואס בעסער געווארן. מ׳רעדט וועגן א כלומרשט־אפגעהאלטענעם נצחון פון דער פוילישער ארמעי; וועגן א ריקצוג פון דער רויטער קאוואלעריע. יעדנפאלס — א קלאנג בלויז. ווי ווייט ס׳שטימט מיט׳ן אמת, בלייבט צו זען.

איך גיב א טראכט הויך אפ׳ן קול, אזוי, אז זי דערכאפט עס. בעלא: „די גאנצע ענלאכקייט פון דער היינטיקער צייט איז אף א הולח, א שווער־קראנקן, וואס איז פאר׳משפט צו אן אומפארמייד־לאכן טויט. וויל זיך אבער נישט אונטערגעבן. ראנגלט זיך ביז

צום לעצט מיט די לעצטע איבערגעבליבענע כחות, מיט פאַלשע האָפנונגען. אָט, דאַכט זיך אים, ווערט בעסער, אָט ערגער — ס'וועגדט זיך ווי די שטימונג איז בא'ם קראַנקן...״

— ווילט איר, הייסט עס, דערמיט זאָגן, — ענטפערט זי — אַז די סטרונע איז שוין אַף איר העכסטער שטייפקייט אָנגעצויגן און אַז איין אומפאָרזיכטיקע פינגער־באַרירונג קאָן זי מאַכן צום פּלאַצן? אַז די שנעלסטע ענדערונג איז צו דערוואַרטן? ס'גלויבט זיך עפּעס נישט. אָפּטמאָל דאַכט זיך, אַז ס'וועט שוין אַזוי פאַרבלייבן אַף שטענדיק. טאָקע ענדערונגען קומען פאָר, כמעט טעג־לאַכע, — אָבער אומוויכטיקע. די היינטיקע סיטואַציע איז מעגלאַך ענלאַך צו אַ קראַנקן, אָבער צו דעם סאָרט קראַנקע, וואָס לעבן איבער געזונטע. ווער קאָן וויסן ווי לאַנג דאָס קען אַזוי אָנהאַלטן ביז דער קריזיס וועט קומען, ביז דער שטורם וועט אויסברעכן אין פולן אימפּעט ביז צו אַן אַנטשיידונג...

— ווי איר האָט עס די לעצטע צייט גענומען זוכן ווידער־שפּרוכן צו אַלע מיינע רעדעכצן און מיינונגען, כדי צו קאָנען האָבן מיר מיר דיספּוטן — באַמערק איך איר אָנגעצויגן — איר שענקט אַזאַ איבערטריבענע אויפמערקזאַמקייט מיינע ווערטלאַזע געדאַנקען, דורכגעטראַכטע אָדער ארויסגעזאָגטע, איר אַנאַליזירט זיי אַזוי טיפזיניק־פעאיק און באַפּוצט זיי נאָך מיט אַזעלכע פיינע משלים און אויסדרוקן, רחמנא לצלן, אַז איין גאָט אין הימל בלויז קאָן וויסן דעם אמת צי איך האָב עס געזאָגט אָדער געמיינט. איר לייגט מיר דערביי אריין אַזעלכע שיינע ווערטער אין מויל אריין, וואָס איך האָב נאָך אין קיין שום ענציקלאָפּעדיע נישט געלערנט. אייך קומט מסתמא אָפּטמאָל פאָר אומאַנגענעם און ווידערוויליק, וואָס איר האָט באַציאונגען מיט אַזאַ ווי איך — ווילט איר אַף מיר ארויפצווינגען גרויסקייט. ווער הייסט אייך דען נעמען מיך ערנסט? אין יעדן אומגעלומפּערטן, אומגעהיבלעוועטן זאַץ, מוזט איר מיינען, שטעקט גרויסקייט און בקיאות? איר זענט דאָך, בעלאַ, נישט אַזוי נאַאיוו, דערלויבט...

— מ. י. — פּלאַצט זי ענדלאך ארויס מיט א האלב־פאר־שטיקט קול, ווי ס׳וואלט איר אין האלדז א משא געלעגן און די ווערטער צוריקגעשלעפּט — אבער מ. י. — באַטאַנט זי שטאַרקער די צוויי בוכשטאַבן און דריקט איר אָרם פעסטער און נערוועזער צו מיינעם צו, ווי זי וואלט דערמיט איר צוטרויען און הייסע געפילן געוואָלט אויסדרוקן.. איך דערפיל די ווייכקייט פון איר לייב... די וואַרעמקייט און פרישקייט דערפון... דאָס מיידלעריש אויפציטערן... איך ווער אף א קליינער ווײלע מיטגעריסן און צי צו זיך איר אָרם, שטאַרק און פעסט, בייז און שטייף, דריק איך... זי איז נאַכגיביק און קאַפּריזנע צופרידן... און מער מוטיקער, קינדיש־פּרעטענזיעז, רעדט זי ווייטער: — פאַרוואָס זענט איר נאָר אזוי? — הערט זיך אי פּראָטעסט, אי געבעט אין איר קול — דוקא נאָר אזוי... קענען אייער ווילן אזוי... צו וואָס דער גאַנצער שפּיל, מ. י.? צו וואָס אַרויפצוואָרגען א מאַסקע אף זיך, ווען מען פּרעטענדירט אליין אף אמת און אויפריכטיקייט?... צו וואָס פאַר־שאַפן קרענקונג זיך און אנדערע. וואָס זענען אייך פריינט און ווילן זען אייך גליקלאך?... זעט ווי משוגע־אויפריכטיק איך בין צו אייך, מ. י.! פאַרדינט איר עס? און איר פּייניקט מיך.. און איר רייצט מיינע נערוון, זינט איך האָב אייך דערקאַנט... איר זענט דאָך פשוט אפשטויסנד און אויסערגעוויינלאך גראָב געווען צו מיר.. פאַרוואָסזשע? זעט, איך רעדט צו אייך אין א געבעט טאַן. עס איז נישט מיין געוואוינהייט. איך דערנידריק זיך פאַר אייך, פאַר א פּוסט־אנגעבלאָזן יינגל... איך, די שטאָלצע, די מוטיקע, די געראַטענע... און איר זענט קאַלט צו מיר געווען... ערגער ווי גלייכגילטיק זענט איר געווען... באַליידיקונגען פאַר אלעמען אין די אויגן בין איך פון אייך אויסגעשטאַנען... פאַרוואָס דאָס אלץ, מ. י.? פאַרוואָס?...

איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן. אזוי מאָדנע געשטימט בין איך נאָך קיינמאָל נישט געווען. אזוי צעשרויפט, אזוי פּלאָנלאָז, אזוי טאַקטלאָז... אזוי פיל געדאַנקען מישן זיך איצט אין מיין מח צענויף... קריכן און טרעטן איינע אף די אנדערע און בילדן אן

ענגז, אַ פליסיקן גלי־מאַשין... און ס׳ברענט און ס׳שווינדלט און ס׳שימערירט פאַרביי מיר בילדער קאַרטינקעס, טראָגן זיך פאַרביי, מיט אַזאַ ווירבל, מיט אַזאַ ליאַרם, מיט אַזאַ.. גוטער אַלהאַמבראַ, וואו בין איך ערגעץ? מיין האַרץ איז אַזוי צעוויטיקט און פול מיט אַזאַ שניידנדיקן, וואונדיקן צווייפל, מיט אַזאַ סקעפּטישן גאַרנישט... ס׳איז אַזוי ברוטאַל־זיס דאָס צו הערן... אַזוי זעלבסט־צופרידן־פיינלאַך..

וואָס וויל זי פון מיר האָבן? וואו נעמט מען אַזאַ פעטן מאַרך צו קאָנען אַנאַליזירן איר געבעט... אַ סך הכל מאַכן.. זי רעדט דאַכט זיך אַזוי האַרציק און אָפן — און ס׳ווילט זיך נישט גלויבן קיין איין וואָרט. . . גאָט, וויפיל וואָלט איך נישט אָפּגעגעבן דאָס אַלץ זאָל זיין אַ חלום, אַ ליגן !. .

זי, וועלכע איז מיר אַזוי טיף אין האַרץ איינגעבאַקן, ליידט פון מיר, צוליב מיר... זי, פאַר וועלכער איך וואָלט אָן שום וואַקלעניש מיין נישטיק לעבן אָפּגעגעבן... פאַרוואָס רעדט זי אַזוי צו מיר? ווי מיר טוט ווי איר דערנידערונג... און איך פיל זי אַזוי נאָנט און אַזוי האַרט לעבן זיך... אַזוי פאַרטרויליך און צוגעפּרעסט זי גייט.. איך פיל איר הייסע ברוסט אויף מיין האַנט... די האַסטיקע בלוט־צירקולאַציע... איך באַמי זיך נישט צו קוקן אויף איר... ס׳טוט מיר אָבער אַזוי פאַרביסן ווי דאָס דאָזיקע מיז צווינגען זיך, ווען ס׳ווילט זיך דוקאַ אַזוי שטאַרק קוקן אויף איר... מיך באַפאַלט אַ געפיל ווי אָנצוהויבן וויינען אויף איר לאַגע, אויף איר זעלבסט־דער־נידערונג... גלייך זי וואָלט אַ שטיק פון איר שטאָלץ אוועקגעגעבן... און איך שאַץ דאָך עס אַזוי טייער, איר שטאָלץ. איר באַקרוינטן שטאָלץ...

איך וואָלט דאַכט זיך געקאָנט נעמען אָט דאָס דאָזיקע מיידל, וואָס גייט לעבן מיר אַזוי זיכער און פאַרטרויליך, אַ כאַפּ טאָן זי, אַ וואָרף טאָן זי אויף ד׳ערד און אַרויפפאַלן אויף איר, איינבייסן זיך אין איר לייב, און איר קערפּער, נאָך וועלכן איך דורשט שוין אַזאַ צייט, — איינזויגן זיך מיט די ליפּן אין איר ווייסן, גלאַטיקן האַלדז און בריסט, און ציען, ציען דעם זיסן,

שמערצלאכן, פאר'שכורנדיקן זאפט; איינעסן זיך אין אירע רויטע ליפּן און רייסן און בייסן ביז'ן בלוט אריין און שרייען און רעווען פון ווילדקייט, ווי נאר א קאלטער, עקסטאזלאזער נפש קאן...

און איך ווייס און איך פיל ווי שטארק און הארציק זי וואלט צופרידן געווען א גוט ווארט פון מיר צו הערן, אזא, וואס זאל אויסדריקן מיין אמת'ע שמעלונג צו איר, מיין געפיל... ווייל זי ווייסט, ווייל זי פילט עס אינסטינקטיוו, אז איך בין נישט אויפ־ריכטיק מיט מיין האנדלען, אז איך שפיל פאלש... ווי גליקלאך זי וואלט געווען. און אויך איך וואלט זיך געפרייט, ווען איך קאן זיין צו איר אנדערש, ווי איצט. איך אנערקען זיך פולקאם שולדיק. באוואוסטזיניקערהייט בין איך די אלע עולות קעגן איר באגאנ־גען... אויס ריינער אויסגערעכנטקייט... דאס האט א פארבארגע־נער געפיל מיר אזוי דיקטירט, כדי זי זאל ליידן דערפון. און דאס געפיל האט געוואלט, אז זי זאל ליידן, כדי דערמיט שוין מיך אליין צום ליידן מאכן...

און ווי מיר וואלט זיך דוקא איצטער וועלן ארומנעמען זי, צודריקן צו זיך, און צערטלען זי, לאסקען... ווי חלשות'דיק גוט ס'וואלט אונז געווען... איך ווייס וויפיל זי ליידט איצט פון מיין פארשטיינערטן שווייגן... פון מיין עקשנות'דיקער פארגליווערט־קייט... זי ווייסט, אז אין אט דעם שווייגן דערשטיק איך אין זיך די מילדסטע אויפוואכנדיקע געפילן אין מיר, וואס זענען נאך פארבליבן... זי ווייסט, אז נאכדעם באהערשט מיך צוריק מיין אנ־געצויגענע שטימונג, מיין־און־סבה'דיקע געררייצטקייט. . . און דאמאלס ליידט זי צום שווערסטן... און אויך איך לייד דאמאלס צום שווערסטן.... אבער טאקע דערפאר, ווייל ביידע ליידן מיר דאמאלס אזוי שווער, האלט איך דוקא אן מיין פארשטיינערטן שווייגן און פלאץ צום ענד ארויס מיט ווערטער, אלס דירעקטער ענטפער אף אלע אירע בקשות און דערוואַרטונגען, וואס גיבן איר אזעלע הארטע קלעפּ:

— נא, אז די הויבסט אן שפילן דראמאטיש, דערפיל איך זיך גלייך באנקראט אין מיין נאזטיכל. ווייל, אויב דו ווייסט עס

נאָך נישט, בין איך דאָך, פראַסט איבערגעגעבן, א מענטש אָן א גאָל... און ווער, כ׳בעט דיך, האָט עס אזא כח אויסצוהאַלטן, זעענדיק אזא גרויס מיידל וויינען?... אָבער פונדעסטוועגן וואָלט איך, אויס אייגנפאַכער אינטערעסאַנטקייט פון דער זאַך גופא, געוואָלט וויסן וואָס אזוינס דו ווילסט אייגנטלאָך. נעמסט און וויינסט, דערנידעריקסט זיך פאר אזא „פוסט־אָנגעבלאָזן אינגל״... קאָנסט דען פאַרלאַנגען פון אזעלכן יושר און איינזעעניש? רעד זיך איין, אז די בריאה באזיצט גאָר נישט קיין בעסערס און שאָקל זיך אָפּ! זעסט דען נישט דאָרט? קוק: צוויי הינט. די „זי״ ווערט זיך. זי לאָזט זיך נישט. פארשטייסט א מעשה? געגוג „ער״ וויל שוין — וויל „זי״ נאָך נישט... וואַרט. אָבער דער סוף? זעסט? אָבער דער סוף? זי לאָזט זיך שוין. קוקסט עפּעס? זי לאָזט זיך שוין... דאָס הייסט פרייע ליבע... אין מיטן גאַס.. הינט זאָלן קיין בושה נישט האָבן... דאָס איז, נאָכאַלעמען, הערלאָך, אויב דו ווילסט וויסן... דאָס איז וואונדערבאַר, דו דאַרפסט עס אפשר נישט וויסן.. צווישן זיך גערעדט, קאָן איך שטאָלצירן מיט מיין עסטעטישן געשמאַק, וואָס? און דאָרט איז די ווייכסל. אָט איז איר דעך: א טונקל־שוימיקע אויבערפלאַך. און דאָרט ווידער, בא יענעם ענד, פליסט זי זיך גלייך אריין אין באַלטישן ים אריין... האָסט געלערנט געאָגראַפיע, כעלאַ? זאָג, וואָס, א שטייגער, וואָלסטו געהאַט אויסצוזעצן קעגן דעם פּלאַן: איך גיב זיך אזוי א שטעל ארויף אף דער פּאַרענטש, א־דאַרטן־אָ, זעסטו — און מיט איין מאָל: פּליאסק! פאַרטיק... מיט איין שפּרינג מאַך איך צורעכט א נפשל, וואָס האָט קיין פּלאַץ נישט אף דער וועלט... אפשר קיין בארעכטיקונג נישט. . . אָן אָפּשטויסנדיקן, גראָבן נפש וואָלט איך פאַרטיק געמאַכט. דאָס וואַסער וואָלט עטוואָס גערוישט, גערינצלט זיך — און פּוילנס א זעלנער וואָלט אונטערגעגאַנגען... הע, ס׳לוינט זיך גאָר דער עסק, נישט אפשר? איך בין דאָך אין קאַמף מיט פּוילן, מיין רעגירונג. און אָפּטאָן איר אזא שפּיצל, מיינסטו, איז א קליין פאַרגעניגן? וואָסזשע איז, אַלזאָ, דיין מיינונג? ווייל, ווי דו דאַרפסט עס אפשר גאָר נויטיק וויסן, איז וואָס איך קאָן קיין קלאַפּ־

טער נישט לייגן. און דאס מוז זיין די הויפּט צרה, וואס האלט מיך אָפּ דערפון. ניין, דאס איז'ס כמעט, אזוי צו זאָגן...

— אבער מ. י.! וואס זענען דאס פאר א ווערטער? ביזט דאָך איינפאָך פון זין אראָפּ!

— אָט־אָ־דאָ, זעסטו, קומט דיר ערשט דער אמת'ער יישר כח, כעלא ליבע! דעם הארציקסטן קאָמפּלימענט לאָז דיר אויס־דרוקן. אָף דעם אָרט ליגט דאָך טאָקע דער הונט באַגראָבן. אז דו האָסט עס נישט געוואָלט אנערקענען ביז איצט, ווי דו זעסט מיט ערלאַכקייט איין. וואס טראַכסטו זיך מיט דיר? אזוי ווייט האלט עס נאָך דערפון, מיינסטו? פּסס... ווי אומגעדולדיק... ווארט אויס, ס'וועט דאָך דיר שאַטן צום געזונט... אבער רבונו של עולם, האָסט דאָך א גוואַלטיקע שוואַכקייט איבערצושלאָגן א מענטש די רייד, ווען יענער רעדט... מוזט אומבאדינגט זען, זאָג איך דיר, אין די נאָנטסטע טעג שוין, מעג זיין, צו טאָן עפּעס קעגן דעם... וואָס? ניין, נישט זייער געפערלאַך. געגנוג מיטלען פאַראַן... און חוץ דעם, דארפסטו מסתמא וויסן, מוז איך גראָד איצט גיין צום שוסטער, פאַר מיין אָפּפאָרן די געערטע פּאַנטאָפּל מיינע פאַרריכטן. זעסט, די גאַנצע פינגער כמעט אין דרויסן... דאָס, שמועסט מען, אז פון די נייע קאַרטאָפליעס פאַרזייעט געוואָרן...

## XXI

די לעצטע נאַכט.

די לעצטע נאַכט אין דעם פאַסקודנעם שטעטל, וואו איך האָב קיין איינציק רואיקן, פרייען טאָג נישט איבערגעלעבט; וואו אַף שריט און טריט האָט מיך שרעק און אומגליק באַגלייט. הונגער און פּיין. וואו איך בין אַזוי פיל פאַרפאַלגונגען אויסגעשטאַנען. מאָראַלישע אַנגריפן. פיזישע און מאַטריעלע ליידן פאַרנומען.

די לעצטע נאַכט.

מ׳קאָן מיט א מאָס רעכט אָננעמען די דאָזיקע לעצטע נאַכט מיינע אין דעם שטעטל פאַר א ספּעציעל איינגעאָרדנטן געזעגענונג־אָוונט. אַן אַראַנזשירטער אָפּשייד־מאַרש.

ס׳איז כמעט אַזוי געווען :

פריער, ווען איך האָב זיך מיט בעלאַ׳ן געלאָזט גיין צוריק אין שטאָט אַריין, ווייל מיר זענען שוין געהאַט פאַרגאַנגען א היבש ביסל מיט דער ווייכסל־בריק־אַלעע, האָט זי מיך אָנגעהויבן צורעדן איך זאָל גיין צו זיי אַהיים צו געזעגענען זיך מיט סאַמעט׳ן און בראָניאַ׳ן. ווען איך האָב שוין געהאַט איינגעוויליקט און געלאָזט זיך מיט איר גיין צוריק, האָט מען פּלוצלונג פאַרבייליופנדיק גע־געבן א מעלד: — אַן אַבלאַווע.

מילא, נישט געפערלאַך. שוין מיטגעמאַכט אַזוינס. לאָזן מיר זיך גלייך, בעלא און איך, לויפן צוריק, צו דער ווייכסל. מיר קומען צו דער בריק, הייס איך בעלאַ׳ן גיין אַהיים און איך וועל מוזן אַריבער אַף דער אַנדערער זייט טייך. ווייל זי נישט. זי וויל, זאָגט זי, מיך נישט איבערלאָזן אַליין, אַף הפקר... א באַשיצעריןו... בעט איך זי — פאָלגט זי אַלץ נישט. קאָן איך מער נישט. פאַרליר דאָס געדולד, לאָז איך זי איבער און אַליין מאַך איך א צוואַנציק־מינוטיקן מאַרשרוט — און שוין. אָנגעקומען. דאָ, אַף דער צווייי־

טער זייט פונ'ם טייך, בין איך זיכערער. צוקאפנס — דער הימל. צופוסנס — א גראזיקע ערד, א בארגיקע. לינקס און רעכטס — פעלדער מיט וועלדער, מיט לאנקעס און קליינע צעוואָרפענע דאָרפישע כאַטקעס...

מ'קאָן דאַכט זיך, דערלויבן זיך דאָ עטוואָס אפרוען, וואָס? יאָ, מ'קאָן. פאַרוואָס נישט? ביטע שיין, מ'קאָן...

אונטלאָך.

ס'איז שיין און אויסגעשטערנט. א מחיה. איך ליג מיט'ן פנים ארויף און צייל די שטערן אפ'ן הימל. איך גלויב אָבער נישט צי ס'וועט מיר געלונגען היינט זיי אַלע איבערצוציילן. צווישן הימל און ערד ליג איך. אף דער אנטבלויזטער ברוסט פון דער פרייער נאַטור. ליג איך און טראַכט מיר אַזוי:

דערקלערט, אַנטדעקט דעם סוד פונ'ם לעבן, מ'ווייסט ווער ס'איז דער פריינט, ווער דער שונא, מ'ווייסט, אלץ ווייסט מען — און גאָרנישט ווייסט מען. מ'הויבט נישט אן וויסן צי מ'לעבט. א פאַרוויקלטער קנויל. נישט מער, נישט ווייניקער: איין פאַר־וויקלטער קנויל. מ'קושט זיך — סט'יקע ליפּן. מ'שלאָגט זיך — די אויפריכטיקסטע אייגנשאַפט. מלחמות — פאַר א שטיין, פאַר א קאַפּריז. געווינט מען — גוט. נישט — לאָ. פאַלן מיליאָנען — וועמען אַרט עס? וואַקסט די מכה — זאָל זי וואַקסן. זאָל זי בעסער נישט וואַקסן. וואָס איז אַזוינס די מכה? „קאַפּיטאַליס־טישע אָרדנונג". צוויי ווערטער. געגנוג. איין רפואה בלויז, זאָגט מען, פאַראַן: „סאָציאַלע רעוואָלוציע". אויך צוויי ווערטער. שטימט. וואָסזשע וועט שוין דאַמאָלס זיין? וועט טאַקע אַלץ גוט זיין? מ'ווייסט נישט. א סברא. יעדנפאַלס — אפשר. איצט אָבער טויג עס אף כפּרות — דאָס זעט יעדער. דאָס זעט אפילו נישט יעדער, אָבער מען דאַרף עס זען. שלום. וואָס איז שלום בא זיי? פרייהייט. וואָס איז פרייהייט בא זיי? און דער קאַמף פאַר דער מאַכט גייט דערוויל אָן. גייט אַלע מאָל אָן. שטענדיק גייט דער קאַמף אָן. שטאַרקערע, שוואַכערע. פאַרפאַלגער, פאַרפאַלגטע. מאַכטהאָבער, מאַכטלאָזע. גרויסקייט, שטאַלצקייט, קליינלאַבקייט

עניות. חוזק און קנאה. מיין גאָט, קוק אָן דיין וועלט! קוק אָן די אַלע ווילדע ברואים! די קאָמישע פאַרשידנאַרטיקייטן, די טראַגי־שע קאָנטראַסטן. שטעל זיך פאָר די זעלבע וועלט אין זעכציק, אין זיבעציק — אין אַכציק יאָר אַרום. די זעלבע וועלט אין אַ משך פון אַזוי פיל יאָרן שפּעטער. וואָס וועט דען איבערבלייבן פון אָטאָ די אַלע גרויסע, שטאָלצע, קליינע, עניותדיקע? אַלץ וועט איבערבלייבן פון זיי — חוץ זיי אַליין. מידות, גערעכטיקייט, אפשר, און ערד וועט איבערבלייבן, ביינדלאַך פאַרפוילטע וועלן איבערבלייבן, צועסענע, געלעכערטע... אַלץ וועט איבערבלייבן נאָך זיי, גאָרנישט וועט אי־בערבלייבן פון זיי....

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינגנטלאַך וואָלט איך דאָך געקאָנט אַנקלאַפּן בא אַ פּויער אין אַ כאַטקע און בעטן מיך אַריינלאָזן, איבערנעכטיקן. ווי קאָן איך זיך אונטערנעמען אַ גאַנצע נאַכט צו נעכטיקן אין דרויסן לעבן אַ וואַלד און אַ וואַסער? כאָטש די נאַכט איז אַ שיינע, איז אָבער גוט קאַלט אויך. און די פייכטע לופט קריכט אין די ביינער. איך האָב אָבער נישט געטאָרט וואָגן דאָס צו טאָן. דאָס קאָן און מוז אַ חשד דערוועקן. און גראָד היינט דאַרף איך מער ווי אַלעמאָל פאָר־זיכטיק זיין. אויב איך קאָן שוין היינט נישט פאָרן, איז מאָרגן געוויס. מוז מען בלויז געדולדיק וואַרטן.

ס'איז שטיל. פון דאַנען זע איך די לעצטע הייזלאַך פונ'ם שטעטל, פון דער אַנדערער זייט ווייכסל. כ'זע אויך אָן אַ היבש שטיקל שפּאַציר־אַלעע, דאָך — נישט קיין שפּאַצירגייער. איך ווייס נישט, צי די אַבלאַווע גייט נאָך אָן, צי נישט — טאָר איך נישט איינשטעלן צוריקצוגיין. כ'וועל שוין, ווייזט אויס, מוזן דאָ איבער־נעכטיקן — אַנטדעק איך אַ נייע זאַך. אָט אַ צולאָג צו דער נעכ־טיקער...

פונדעסטוועגן, ווען איך האָב טאַלאַנט און פּאָעטישע פּעאי־קייטן, וואָלט איך געמעגט באַשרייבן די נאַכט. ווייל פאַרברענגען איינער אַליין אין אָפענעם דרויסן, אויף דער „פרייער נאַטורס שויס“,

ווי מ׳זאגט, צווישן הימל און ערד; לבנה און שטערן, מיט פאר־כשוף׳טן אפגלאנץ, גרינע גראזן מיט שאטנדיקע קעפלאך; פעל־דער, נאקעטע, אויסגעשפרייטע, מהלך׳דיקע; א וואלד דערלעבן מיט א חושד אין אים; דאס וואסער באוועגט זיך קוים, קוים, פלאסטיש און ריטמיש. און בלא איז׳ס און פארביק...

ס׳ווערט אבער פינסטערער, אומעטיקער, אומהיימלאכער. ס׳ווערט קאלט. די גראזן ווערן נאס פון טוי. מיינע קליידער ווערן נאס. מיין לייב ווערט פייכט.

גאט געטרייער.

„ווי איך קאן עס גאר נישט קראנק ווערן" — פאל איך אריין אין איינגענער התפעלות. ווי איך לייד עס איבער זינט די לעצטע פאר וואכן — און איך האלט זיך אלץ אף די פיס. נישט איך פארקיל זיך. נישט איך עס זיך איבער מיט די גראבע עסנס אף די דארע קישקעס, נאך עטלאכע טעג פאסטן, און בלייב ערגעץ ליגן א קראנקער... דו גרויזאמער, כ׳בין דאך זיך אליין א דם־שונא גע־ווארן. אז א מענטש האט פון זיך אזעלכע צרות...

און די זאך דערפון איז עטוואס מאדנע געווען: אין דער זעלבער צייט, ווען איך האב אזוי גערן פון מיר אליין געוואלט פטור ווערן; פון מיין איינגענעם איך זיך באפרייען, אנטלויפן — דאמאלס בין איך אפ׳ן ראנד פונ׳ם ווייכסל געלעגן און.. הי־כי, וואס נאך מער איז נויטיג געווען ווי איין שפרונג? איין שפרונג: פליאסק! איין מינוט, צוויי — ראל־ראל־ראל — פליוש־פליוש־פליוש — פארטיק, כי־כי...

וועלכער קעגנשטאנד האט מיך דערפון אפגעהאלטן? וואס פאר א מין קראפט איז׳ס געווען?

# XXII

שבת, דעם.. דעם וויפילטן? ניין, כ׳געדענק נישט. ווער הויבט דען אָן צו געדענקען? שבת, ווייס איך, איז היינט זיכער. כ׳האָב א סימן: ווייל ס׳איז שבת און — מ׳טאָר היינט נישט פאָרן.

אָפגעפּטר׳ט די נעכטיקע נאַכט אויך, געלויבט זאָל דער הער־שער פון דענעמארק זיין. נו, א נאַכט געווען — זיבן מאָל גוט. דער ווינט איז א גאַנצע צייט אין מיינע ביינער געלעגן און גענאָגט, אז דער רוח האָט מיך שיעור נישט גענומען. וואו איך האָב נאָך ערגעץ אביסל בלוט אין מיר פאַרמאָגט, איז׳ס אויך איבער דער נאַכט אויסגעטרוקנט געוואָרן. אָבער... הע, כ׳הער עס שוין איצט ווי מ׳נעכטיקן פאַר׳איאָרן. שוין צוגענומען דאָפּלט, צוויי מאָל אזוי פיל... וואָס רעד איך: דריי מאָל, פיר מאָל אזוי פיל בלוט צוגענומען, זיכער.

באַלד אינדערפרי האָב איך זיך גלייך א „היים" געכאַפּט און זיך קודם כל, פאַרשטייט זיך, צוגעקלעבט צום טאַפּטשאַן מיט דער האַרציקסטער ארומנעמונג. וואָס א באַשעפעניש האָט ווען עס איז פון מיר באַקומען. א קליינעם שלאָף געמאַכט דאָרטן, א דרימל געטאָן בלויז. ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען עס אלס א געשעעניש: פון זעקס א זייגער פאַרטאָג, ביז... ביז וואַנען? — ביז האַלב פינף פאַרנאַכט, אזוי צו זאָגן. און נאָכאַלעמען, אליין זיך נישט איבער־געוועקט, נאָר א דאַנק דעם גוטן שלייף׳ן, וועלכער האָט מיך מיט זיין שטורמיקן אריינפאַל, מיט זיין האַסטיקן פּראַל אויף די טיר, איבערגעוועקט.

דער יונג איז שוין נעבאַך היינט בא מיר דאָס דריטע מאָל. זייענדיק די ערשטע צוויי מאָל און זעענדיק מיך אזוי געשמאַק שלאָפן, האָט ער נישט געהאָט דאָס האַרץ מיך אויפצואוועקן. ער האָט בלויז, דער געטרייער, די אַלע איינגעקויפטע זאַכן פאַר מיר אין וועג אריין אין אָרדנונג געשטעלט און שטילערהייט אראָפּגע־

גאנגען מיט דעם געדאנק שפעטער, פאר מיין אפפארן, ארויפצו־
קומען. און אט איז ער איצטער דא. מיך אויפגעוועקט. א דאנק
אים!

איידער איך האב זיך בא אים דערבעטן ער זאל מיט מיר
עפעס איבערבייסן פון דעם געקויפטן. אז דער מענטש האט גראד
קעגן מיר געוואלט זיין מאדנע. קיין בים נישט געוואלט פאר זיין
טרחה. דוקא געוואלט מיר שפארן פאר דער רייזע. אז איך וואלט
דאך, בא מיין ערגסטן כאראקטער, קיין הנאה נישט געהאט פונ׳ם
עסן...

פונקט דריי פערטל אף זעקס האב איך, אין דער באגלייטונג
פון טאקע דעם איינציקן פריינט מיינעם, שלייף, געלאזט זיך צום
וואקזאל צו. נישט וויט געווען צו גיין. א סך הכל פון פינף ביז
אכט מינוט שפאציר. דער צוג גייט אפ, מיט דער פוילישער מלחמה
פינקטלאכקייט, צוואנציק מינוט נאך זעקס. נאך פינף־און־דרייסיק
מינוט, אלזא.

איך קויף א בילעט ביז ווארשע. דארט, אין ווארשע, וועל איך
ערשט מוזן נעמען א בילעט צו מיר א היים, אין דער אמת׳ער
היים אריין... געלט איז דא. די אנדערע הונדערט מארק האב איך
היינט דערהאלטן.

— אדיע, פריינט מיינער, איינציקער, אדיע!...

— אדיע, ליבער, צום ווידערזען זיך אין בעסערע צייטן, אדיע..
ווער ווייס... אדיע...

„ווער ווייס״.. אך, ווי געטראפן.. ווער ווייס...
שוין.

---

---

איך פאר.

דער צוג איז פולן אימפעט. אין א פעסטן גאלאפ. לויפט.
דער מאטאר קלאפט, ארבעט, שוויצט און פרייכט. דער קוימען
פייפט און לאזט ארויס גערדיכטע וואלקנס רויך. שווארצן רויך און
בלאען. די וואגאנעס שלעפן זיך איינס נאך דאס אנדערע. איינס

נאָך דאָס אַנדערע שלעפּן זיי זיך און גליטשן זיך איבער די גלאַטע רעלסן. טראָגן זיך מיט א געצוואונגענעם ווילן אונטער דער שוואַר־צער, מאַשינאַוועער סאַזשע־בייטש פונ׳ם באַן־ליִיב, איבער די שי־נעס. . . .

איך טראַכט. ....

פון וואָס טראַכט איך?

פון אַזוי פיל, הוי, פון אַזוי פיל האָב איך צו טראַכטן, פון אַזוי פיל האָב איך צו דענקען, אַז עס איז מיר שווער, אַז עס איז מיר פּשוט אוממעגלאַך צו קאָנצענטרירן זיך, איין גאַנצע באַשטימט־קייט אַרויסצוקריגן, כאָטש איין קליינעם סך הכל צו מאַכן, פון וואָס אַזוינס איך טראַכט.

אין וואַגאָן איז געראַם. איך זיץ באַ׳ם פענסטער און קוק אַרויס. און זיצנדיק אַזוי באַ׳ם פענסטער און קוקענדיק אַזוי אַרויס — זע איך פעלדער, פלאַכע, אָפּגעשניטענע, שטעכיקע איבערבליי־באַכצן — שטרויענע שטעקלאַך, קורצע, שפּיציקע... לויפן זיי, די פעלדער, פאַרביי, לויפן, פאַרשוואונדן... דאָ א טייכל גיט א גלאַנץ. א שלאָג זיך אָפּ פאַר׳ן אויג. א בלענד פון דער פאַרנאַכטי־קער זון... און דאָרט איז דער סוף פון דער וועלט... דאָרט פאַראיי־ניקט זיך הימל מיט ערד, מיט זון, מיט גאָרנישט... און ווייטער קומט א וואַלד — און א שוואַרצער גרויל. ביימער פליען, ביימער קומען אונטער, טאַנצן פאַר די אויגן, מיט א גרינעם אָפּגלאַנץ... און ווידער קומט דאָס זעלבע. ס׳בייט זיך די פּאַנאָראַמע בלויז אויף א ווײַלע.

ס׳קומען סטאַציעס. מ׳רופט אויס. מ׳שרייט אויס. איך זיץ. איך פאָר. איך טראַכט: „נענטער צו דער היים“.

פּאַסאַזשירן שטייגן אויס. פּאַסאַזשירן שטייגן איין. פּויערים מיט פּויערטעס, גאַנצע מענגעס, מיט פּעק, גאַנצע לייַלאַכער מיט זאַכן אַלערליי — מתנות צו קינדער, אָדער קרובים, לעבן דעם „פּרעזענט“.

אידן שטייגען איין. שוין נאַכט — אינדערוואַכן — מעג מען שוין פאָרן... סאָלדאַטן שטייגן איין — הויבט זיך אָן די חתונה.

ווארפן אראפ אלטע אידן פון די בענק און גיבן איבער די פלעצער צו יונגע שיקסעס. חברה אחדות'ניקעס איז אודאי צופרידן מיט דער „העפלאכקייט" פון די עלדישע זין... א סדרה. א געבילעריי פון אלע זייטן. מ'גראבט אפיר אלטע ווערטער, אויסגעדראשענע, אז ס'א חלשות...

שוין עטלאכע מאל איז מען לעבן מיר פארבייגעגאנגען און מיך שארף אנגעקוקט. זיי שלאגן זיך, אפנים, מיט דער דעה. מיין פנים איז, נאטירלאך, א אידישעס. עס קאן אבער זיין אן אנדערש אויך. מיין אנטאן איז אבער קורץ און שגץ־מעסיק. זענען זיי אף צרות — און ווייסן נישט.

איך ווייס ווי זיי װאלטן מיט מיר געהאנדלט, ווען זיי האבן די זיכערקייט, אז איך בין א איד און האב די העזה צו פארנעמען א זיץ אין באן ווען כשר'ע פאליאקן פארן. איך ווייס אויך, אז סוף כל סוף וועט עס קומען דערצו, זיי זאלן מיך נעמען אפ'ן פארהער און מיך אראפווארפן. און מיר גייט עס גאר נישט אין דעם זיץ, ווי כ'וואלט עס וועלן מאכן אזוי, נישט צו געבן זיי קיין געלעגנהייט, מיך מכבד צו זיין. מיר פאסט נישט ארויסצואווייזן קיין פחדנות און די שטייפקייט מיינע איז פארט, פיל איך, א געמאכטע, ווען מען פילט זיך טרפה...

אבער עס איז דורכגעגאנגען מיט א צופאל.

ס'איז אונטערגעקומען א סטאציע. ס'האבן ארויסגעשטייגט נאך פאסאזשירן. איך האב געקראגן א גוטע געלעגנהייט מיין זיץ צו א גאר־וואס ארויפגעשטייגטער אלטער פויערטע אנצובייטן. דערפאר איז א צווייטע גערירט געווארן און מיר א שטיקל באקוועמען פלאץ אף אירן א פאק פון אלטווארג אפגעגעבן. בין איך שוין אזוי רואיק און זיכער דעם וועג געפארן, צווישן א גאנצער באפטע פויערים, וועלכע זענען אין נאטור אבסאלוט נישט שלעכט. נישט מער: פארפינסטערט, אפגע'סם'ט דער מארך... און גערעדט מיט זיי פאליטיק: וועגן מלחמה און אידן מיט באלשעוויזם...

ניו יארק, 1922.